מרים נעלסאָן

# זון און שאטן

## לידער און פּאָעמעס



צייכנונגען פון פּנחס סקורקאַ

אַרויסגעגעבן פון אַ גרופּע פריינד

ניו־יאָרק 1951

געווידמעט דעם טייערן אָנדענק פון
מיין ליבן מאַן משה נעלסאָן ע״ה,

# פ אָ ר וו אָ ר ט

איך וויל אויסדריקן מיין האַרציקסטן דאַנק צו מיין טייערן און געטרייען קוזין יצחק גליקען פאַר דער טעכנישער הילף און ראַט, וואָס ער האָט מיר געגעבן ביים אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך לידער. אַ באַזונדערן דאַנק מיינע טייערע פריינד די פאַמיליע פישלער. זייער פריינטשאַפט האָט מיר פיל געהאָלפן, און געשטאַרקט אין מיר דעם גלויבן, אַרויסצוגעבן מיינע געזאַמלטע לידער אין בוך פאָרם.

איך וויל דאָ אויך דערמאָנען מיינע ליבע און געטרייע קינדער, מיינע זין פראָפעסאָר בענדזשאַמין נעלסאָן, דר. דזשייקאָב נעלסאָן, און דר. לעאָן נעלסאָן; זייער ליבשאַפט, געטריישאַפט און אַכטונג צו מיר איז מיין גרעסטע טרייסט אין לעבן.

מרים נעלסאָן

ניו יאָרק, יאַנואַר 1951

# א י נ ה אַ ל ט :

## I. פון אייגענעם קוואַל



## II. זון און לעבן

## III. האַרבסטיקע הימלען



## IV. מ ע ד י ט אַ צ י ע ס

# קינדער־יאָרן

וויפיל זומערן און ווינטערן עס זיינען פאַרלאָפן,
וויפיל טעג און נעכט אין היץ און אין קעלט;
וויפיל פרייד און גליק, אויך אַנטוישטער האָפן
פאַרשוואונדן, אויסגעמישט מיט דער טומלדיקער וועלט!

איצט ווען מיין לעבן פאַרקלענערט האָט זיין יאָגן,
דער וועלט־פיבער וואַרפט מיך ניט אַזוי פיל אַרום,
הער איך טענער גאַנץ אַנדערע מורמלען און זאָגן:
אין דיין ווייטער פאַרגאַנגענהייט וויקל זיך ארום.

לאָז דיינע געדאַנקען דורכוואַנדערן יענע יאָרן,
דאָרט וואו דו האָסט דיין יוגנט פאַרבראַכט,
אין דעם ישוב וואו דו ביסט געבוירן געוואָרן,
וואו דיין בענקענדיקע נשמה האָט אויפגעוואַכט.

שרעק זיך ניט פאַר די טריבע פאַרבלאָזע צייטן,
דיין נשמה קיינמאָל וועט ניט בלייבן אליין.
זכרונות פון פריסטער יוגנט, פון גאָר יענע צייטן,
וועלן דיך באַגלייטן וואו דו וועסט שטיין און גיין.

אין אַ פרילינג־מאָרגן ביסטו געוואָרן געבוירן
אַזוי האָט דיין מאַמע דיר אַליין דערציילט.
דאָס ליכטיק וויים שטיבל נאָך ליכטיקער איז געוואָרן —
ווי אַ שטיק זון וואָלט אין אים זיך אויסגעשיילט.

אַ פריילעכע די זון האָט אַריינגעקוקט אין פענצטער,
פרילינגס בליאכץ האָט זיסע ריחות איבער ערד געוויט;
אַ יום־טוב שטימונג, אין יענעם טאָג געבענטשטן,
האָט דער ווינט אויף וועג און שטעג פאַרשפּרייט.

דערוואַכט האָט דער ישוב מיטן הערלעכן מאָרגן,
ס'האָבן געפּליסט דורך פעלדער איילענדיקע שטראָמען;
פייגעלעך געשפּרונגען, געצוויטשערט האָבן אָן זאָרגן,
אין אַ ניגון אַ זיסן אויסגעזונגען דיין נאָמען.

דיך געוועקט האָט דיין מאַמע פון ברוסט דעם פולן.
ווי אַ בלום-קנאָספּ אין גאָרטן האָסטו זיך צעוויקלט,
צעבליט זיך און צעוואָקסן מיט נאַטור׳ס פיל פאַרביקע טולן,
צווישן זאַנגען אויף פעלדער זיך אַנטוויקלט.

אין נאַטור׳ס צעפּראַלטן שטח דעם גרויסן,
זומער אונטער קאַרשןביימער געטראָטן,
ווינטער אין שנייאיקן קאַלטן דרויסן,
האָסטו זיך צו דער סביבה צוגעפּאַסט, געראָטן.

דיין ליבע — צו וואַנדערן צווישן קאָרן-זאַנגען,
קלייבן בלימעלעך בלויע און פלעכטן זיי אין אַ קראַנץ,
אויך בייגן זיך און בוקן זיך נאָך ווינט׳ס פאַרלאַנגען,
און דרייען זיך אין אַ רעדל אין אַ ווירבל-ווינט טאַנץ.

גערוישט האָט דאָס וועלדל, געוויגט די גרינע צווייגן,
געפלאָסן האָבן די אָזערעס, די טייכלעך אַרום;
דער בלויער הימל באַוואונדערט האָט אין שווייגן
די קלאַנגען די האַרמאָנישע און די שיינקייט אומעטום.

דו, אַ בלאָנד-האָריקע, באַשאָטן מיט שטראַלן
אין אַ תּפילה צו גאָט האָסטו אייפריק געבעטן,
ער זאָל זיין געשענקטע שיינקייט ניט לאָזן פאַלן
קיין אומריינע מענטשן-פיס זאָלן זי ניט צעטרעטן.

דאָרט, אין יענער צויבערנדיק-שיינער מדינה
האָט זיך דיין פורעם אויסגעגאָסן;
דיין ליבע צו אַ וועלט פון בליאונגען גרינע
האָט דיין האַרץ אין זיך אויף אייביק איינגעשלאָסן.

באַגלייט האָבן דיך יענע זיסע מינוטן
אויף אַלע שווערע דאָרנדיקע וועגן;
דורך אַלע פּיינפולע שווערע מאַרשרוטן
עס איז דיין קינדערשע פרייד דיר געשטאַנען אַנטקעגן.

# אין אַ רוסיש שטעטעלע

אין אַ שטעטעלע אין רוסלאַנד —
דאַכט זיך אַט ערשט קומט דאָס פּאָר —
אין אַ שטוב דאָרט טרעף איך אַ שיין, בלאַס, יינגל
מיט קאַרע אויגן, שוואַרצע האָר.

און דאָס יינגל שטייט און שמייכלט,
וואַרפט מיר צו אַ ליבן בליק;
איך רויטל זיך און שעם זיך,
באַשיידן שמייכל איך אים צוריק.

און באַלויכטן איז דאָס שטיבל
פון די שבת׳דיקע ליכט.
און איך קען שוין ניט פאַרגעסן
יינגל׳ס שיין און בלאַס געזיכט.

ס׳לויפן טעג, ס׳שווינדן יאָרן,
יעדער גייט זיין אייגן וועג,
ביז אַ צופאַל ברענגט אונז ווידער
צו איינעם און דעם זעלבן ברעג.

און דאָס אַמאָליק, שיין, בלאַס, יינגל
איז שוין אַלט איצט — צוואַנציק יאָר.
הויך און שלאַנק איז ער געוואָרן,
שענער, שוואַרצער, זיינע האָר.

און ער שטייט און שמייכלט ווידער —
נאָר איך שעם זיך שוין ניט מער,
און איך טראַכט: אָ! שיינער בחור,
קום צו נענטער, קום אַהער!

ס׳לויפן טעג, ס׳שווינדן יאָרן,
דאָס „יינגל״ האָט שוין גרויע האָר;
און ער שווייגט נאָך אַלץ און שמייכלט,
און ער איז שוין — פופציק יאָר.

יאָרן קומען, יאָרן שווינדן,
גרויער ווערן „יינגל׳ס״ האָר,
און ער שמייכלט אַלץ באַשיידן —
אפשר ביז צו הונדערט יאָר . . .

# מיין טאַטע

איך געדענק דיך אַזאַ איידעלן, ווייכן,
אַ מענטש פון איידעלקייט געקנאָטן,
דיינע זויבערע קליידער, דיין ווייסער טלית־קטן,
דיין נשמה געשטרעבט האָט דאָך צו הויכן.

אָט שטייסטו פאַר מיר אַזאַ צאַרטער ייד,
לויטער רוחניות אין דיר — און אַרום דיר.
איך זע דיך קושן די מזוזה אויפן טיר,
כ׳הער דיין „גוט שבת” און דיין קידוש־ליד.

כ׳זע אונטער דיין גרויסן רבנישן שטערן
צוויי מילדע אויגן שמייכלען צו דער מאַמען.
ס׳זיצן אַרום טיש אַלע קינדערלעך צוזאַמען,
און ברומען נאָך דיינע זמירות זייער גערן.

איך זע דיך אַ יום־טוב׳דיקן זיך וואַשן און בענטשן
מיט כוונה און אמת־הייליקן גלויבן;
דיינע הענט צום הימל געהויבן,
דאַנקסט דעם בורא פאַר שפּייזן אַלע מענטשן.

איך געדענק דיך זיצנדיק פּסח צום סדר
מיט דיין לאַנגער שוואַרצער באָרד ביים טיש;
דיין הגדה זאָגן אַזוי האַרציק זיס.
דיין אָנגיסן מיר כוס נאָך כוס כסדר.

אָט שטייסטו פאַר מיר האַלטענדיק אליהו׳ס כוס,
אויפנעמען דעם ליבן גאַסט ביסטו גרייט;
זאָגסטו שפוך חמתך אויפן קול, שטאָלץ און ברייט.
מיט געציילטע ווערטער, אין נוסח און אין מאָס.

דיין משניות לערנען וואָס וועקט מיך אויף אין גרויען פרימאָרגן,
דיין שיין דאַווגען אין טלית, דיין שטיין ביי דער וואַנט;
אין זינגען אַוועקגעשטופּט אַלע דאגות מיט דער האַנט.
אין תורה האָסטו פאַרטרונקען אַלע דיינע זאָרגן.

דיינע מדות וועל איך געדענקען מיין לעבן לאַנג,
איינגעזאַפּט האָב איך זיי מיט דיין יעדן בויג און קער;
די גאָלדענע ירושה שאַץ איך איצט אַלץ מער און מער.
אין מיינע ביטערסטע מינוטן תמיד הער איך דיין זיס געזאַנג.

פיל לויב איך דיך, טאַטע מיין, פאַר דיין געשאַנק
וואו איך גיי נאָר — נעם איך דיין ירושה מיט,
דיין גייסטיקן אוצר היט איך און היט.
איך בין ניט אַליין נאָר מיט דיר אין געדאַנק.

איך בין שטאָלץ אין מיין גאַנג און זיכער אין מיין טראָט,
ווייל אויך איך טראָג דיין קרוין אויף מיין מידן קאָפּ.
איך האָף און איך בעט אַז זי זאָל קיינמאָל ניט אַראָפּ,
ניט פון מיר און ניט פון מיינע קינדער — גרויסער גאָט!

# מ י י ן  מ אַ מ ע

זינט איך בין אַליין אַ מאַמע געוואָרן,
האָב איך, מאַמע טייערע, פון דיר נאָך מער געטראַכט;
פון דיר, און פון דיינע שווערע טעג און יאָרן,
און פון דיין ניט דערשלאָפן נאַכט נאָך נאַכט.

דיין אויפשטיין פאַרטאָג, דיין קנעטן דאָס טייג,
דיינע זיפצן רייסן מיין האַרצן נאָך אַצינד;
ס׳זיינען יאָרן פאַרלאָפן, ערגעץ וואו פאַרפלויגן,
און ס׳האָט זיך נאָך אַלץ ניט פאַהיילט יענע וואונד.

די זיפצן דיינע פון מיין קינדהייט אָן
איינגעקריצט זיי האָבן זיך אין מיין זכרון;
וואָס איך זאָל ניט האָבן גערעדט, געטאָן
נאָכגעזיפצט האָב איך דיר אַלע מיינע יאָרן.

דיין לייענען די „צאינה וראינה״ קלינגט מיר נאָך,
דער תהילים, די מעמדות אום שבת זאָגן,
די טרערן איבערן טייטש חומש, דער וויי און דער אָך,
דער „גאָט פון אברהם״ געזונגען אין קלאָגן.

די זאָרג וואו נעמט מען „אויף דער פולער וואָך״,
ווי צו דערציען די טעכטער און זיי אויסצוגעבן,
דער אייביקער לאַסט פון דעם שווערן יאָך
דאָס יידישע אומזיכערע גלות-לעבן.

דורך דורות האָבן יידישע מאַמעס געטרויערט,
מיט ביטערע טרערן זייערע קינדער דערצויגן.
מיטן שרעק פאַרן מאָרגן שטענדיק פאַר די אויגן,
זייער צער אין הערצער פון קינדער איינגעמויערט.

אויף אויסגעטראָטענע וועגן זיינען מיר געגאַנגען
אין די פריסטע קינדער-יאָרן משא געטראָגן;
נאָר טיף אין האַרצן געברענט האָבן פאַרלאַנגען,
געריסן זיך, צו אַ נייער וועלט זיך דערשלאָגן.

וואו פרייד זאָל פאַרנעמען פון צער דעם אָרט,
וואו קיין שרעק און קיין קרעכץ מער זאָל ניט זיין,
מאַמעס זייערע קינדער דערציען זאָלן דאָרט —
מיט פרייד און געלעכטער — ניט מיט צער און פיין.

זינט איך בין אַליין אַ מאַמע געוואָרן,
האָב איך, מאַמע טייערע, פון דיר נאָך מער געטראַכט;
פון דיר און פון דיינע שווערע טעג און יאָרן,
און פון דיין ניט דערשלאָפן זיין נאַכט נאָך נאַכט.

# מיינע קינדער

דריי קינדערלעך איך האָב געבאָרן,
זיי האָבן מיר פאַרזיסט מיין וועלט;
מיר געגעבן גליק און פריידן,
מען קריגט דאָס ניט פאַר געלט.

מיט מיינע יינגעלעך די שיינע,
האָב איך געטאַנצט, געשפּילט, געלאַכט,
אויך צייטנווייז פאַרגאָסן טרערן
ביי די וויגעלעך ביינאַכט.

אַ יונגע מאַמע כ׳בין געוועזן,
נאָך אַליין כמעט אַ קינד;
און צוזאַמען מיט די קינדער,
פאַר זיי איך האָב מיין טרוים געשפּינט.

מיין גאַנצע ליבשאַפט און נשמה
כ׳האָב געווידמעט נאָר צו זיי,
זיי דערצויגן שטיל און צערטלעך
אָן אַ הויך וואָרט, אָן געשריי.

נאָך אַ שווערן טאָג פון אַרבעט
געפילט האָב איך זיך מיד,
האָב געשטיפט דאָך מיט די קינדער,
און געזונגען זיי אַ ליד.

מיט שווערער מי כ׳האָב זיי דערצויגן,
דרייביימעלעך געפלאַנצט;
אָפט אין זיך דערשטיקט די טרערן,
און מיט זיי געלאַכט, געטאַנצט.

אויפגעוואַקסן זיינען די קינדער
ווי אַ ברכה פאַר דער וועלט;
דעם נחת וואָס זיי גיבן מיר,
איז ניט צו שאַצן מיט קיין געלט.

מיין עלטסטער זון איז גאָר אַ למדן.
ער זיצט און לערנט זיין גאַנצן לעבן;
צו אים מען קומט אָפט שאלות פרעגן
ווי תלמידים צו אַ רבי'ן.

אַ חכם איז מיין זון דער צווייטער:
ער רעדט אַזוינע קלוגע רייד;
ווען ער גיט צו מיר אַ שמייכל,
פאַרשווינדט גלייך יעדער ווייַ און לייד.

מיין יינגסטער זון איז זייער געראָטן,
אויסגעוואַקסן הויך און שיין;
פאַרמאָגט אַ גאָלדענע נשמה,
און איז מיט מדות שיין און ריין.

מיין האַרץ שיער שפּרינגט אַרויס פון פרייד
ווען זיי קומען זיך צוזאַמען;
דער טאַטע, איבערפילט מיט נחת,
קוקט זיך איבער מיט דער מאַמען.

אָנגעפילט ווערט מיר מיין לעבן,
און מיין שטימונג איז פאַרזיסט —
ווייל מיין חלומ'ען און שטרעבן,
איז דאָך ניט געווען אומזיסט.

# ליכט בענטשן

איבער מעשענע לייכטער און לײמענע טעפּ,
באָבעס און מאַמעס זיי בויגן די קעפּ.

פול תענוג פון מצוות שטראַלט זייער געזיכט,
פון שבת־ און יום טוב־געצונדענע ליכט.

ברענט ליכטעלעך, הייליקע ליכטעלעך ברענט,!
באַלויכט אונז אין גלות די שטיבער, די ווענט.

פון דורות און דורות מיר צינדן אָן ליכט,
און ס'פינקלען די טרערן אויף אונזער געזיכט.

מיר דאַנקען דיר גאָט, אָ, אַלמעכטיקער גאָט,
ביסט פול דאָך מיט מיטלייד, מיט חסד, גענאָד;

אין שטענדיקן וואַנדער, היינט דאָ, מאָרגן דאָרט,
אַ ליכט אויף צום בענטשן מיר האָבן דאָך פאָרט.

און מיר טוען בשלימות דיין תורה פאַרשפּרייטן,
צווישן די פעלקער דורך צוימען און קייטן.

דיין אוצר, דיין תורה, קען קיינער ניט רויבן,
וואָס דו האָסט דורך פייער גענידערט פון אויבן.

דורך משה רבנו געזאָגט האָסט, אָ, בורא:
קינדער פון יעקב, נעמט אָן זי אָן מורא;

די וועלט וועט איר בויען, און איר'ט זיין די זיילן,
איר וועט זיין באַוואָרנט פון שווערדן, פון פיילן.

איר'ט זיין די טרעגער פון צניעות און ריינקייט,
פון יושר, פון אמת, פון זיטלעכער שיינקייט;

ווען ס'יאָגט אייך דער גלות אין אַלע פיר עקן,
זייט איר דאַן די שליחים דער מענטשהייט צו וועקן.

עס צאַנקען די ליכטלעך, עס ציטערן די פלאַמען!
אָ, זין פון ישראל, איר האַלט זיך צוזאַמען!

גאָט וועט אונז שיצן און שטיצן און בענטשן,
און אַ פאָלק פון אונדז מאַכן פון פרייע מענטשן.

און זיין וועט אַ וועלט גאָר אַ שיינע, אַ נייע,
אַ וועלט אַ גערעכטע, אַ וועלט גאָר אַ פרייע.

און באָבעס און מאַמעס וועלן ליכט ווייטער צינדן,
און פינצטערער גלות וועט אויף אייביק פאַרשווינדן.

# יום כפור

טייער איז מיר דער יום־כפור,
דער פאַרכטיקער, הייליקער טאָג,
ווען אין שול איך שטיי געבויגן,
און איך דאַוון, און בעט און זאָג.

„יזכור” זאָג איך נאָך דער מאַמען,
און מיין פאָטער —, דעם שיינעם איד;
כ׳זע נאָך איצט אים שטיין פאַרן עמוד,
כ׳הער נאָך איצט זיין תפילה־ליד.

איך זע די שול אין מיין קליין שטעטל,
יידן מיט לאַנגע גרויע בערד;
אין קיטלען, טליתים איינגעהילטע,
מיט אויגן פאַר׳דבקה׳ט און פאַרטרערט.

יונג בין איך נאָך דאַן געווען.
כ׳האָב נאָך דאַמאָלט ניט געוואוסט,
פאַר וואָס די טרערן, די יללות,
רייסן זיך פון זייער ברוסט.

מיין לעבן לאַנג וועל איך געדענקען
אין שול די וועקסענע גרויסע ליכט;
מיין טאַטנס האַרציקן כל נדרי,
זיין הייליק צאַרט און בלייך געזיכט.

איך געדענק דער מאַמעס צאַרטן פנים,
אַ ווייסער טוך פאַרדעקט איר קאָפּ;
די טרערן פאַלן אויף איר מחזור,
און טריקענען קיינמאָל ניט אָפּ.

איך געדענק דאָס אויבער שטיבל,
די אַלטע וויים־געקאַלכטע ווענט.
אָט שטיי איך נאָענט לעבן דער מאַמען,
און דריק איר שטאַרק די הענט.

דער טאַטע, דער שליח ציבור,
ער דאַוונט הויך מיט טיף געפיל,
פול מיט האַרץ און מיט כוונה,
ער וויינט, ער כליפּעט אין דער שטיל.

עס דוכנען די כהנים,
זיי שטרעקן אוים די דאַרע הענט;
שאָטנס אומעטיקע, שטומע,
ציטערן אויף די ווייסע ווענט.

אַ פּחד איז מיך דאַן באַפאַלן,
און האָט מיך מער ניט אָפּגעלאָזן,
סיי ווען איך זע כהנים דוכנען,
אָדער כ׳הער דעם שופר בלאָזן.

קיינמאָל וועל איך ניט פאַרגעסן
דעם טאָג פון טעג — דעם יום הדין;
אין וועלכער שול איך זאָל ניט דאַוונען,
מיין האַרץ און דענקען פליט אַהין.

עס שווימט אַרוים פאַר מיינע אויגן
מיין טאַטע, מאַמע, שול און היים;
אַלץ וואָס איז נאָר דאָרט פאַרבליבן,
לעבט פאַר מיר נאָך עד היום.

# אַוועק די יום־טובים

אַוועק עס זיינען די יום־טובים,
מיט זיי אויך מיינס — נאָך אַ יאָר.
דער אָסיען גאָלדענער, דער ווייסער ווינטער
שטייען ביים טיר שוין אַן אומגעווינטשטע פּאָר.

נאָך אין מיינע קינדער־יאָרן
האָב איך געהאַט די יום־טובים ליב;
נאָך יעדן שבת, נאָך יעדן יום־טוב
געפילט האָב איך שרעקלעך טריב.

ס'האָט דער שבת און דער יום־טוב
אַ באַזונדערן חן און רייץ;
ליב האָב איך דעם האַרציק־יידישן ניגון,
דעם קרעכץ, די תנועה'לע, דעם קנייטש.

כ'האָב ליב דאָס האַלטן דעם קאָפּ געבויגן,
דאָס בעטן מחילה פאַר די זינד;
כ'האָב ליב דעם תשליך ביי דעם טייכל,
דאָס פילן זינדלאָז — ריין ווי אַ קינד.

כ'האָב ליב דאָס עסן אין דער סוכה,
וואו ניטאָ קיין ציגל־ווענט, קיין דאַך,
זאָרגלאָז וואָלט איך תמיד זיצן
וואו שטערן שיינען דורכ'ן סכך.

איך האָב ליב דאָס בענטשן גשם, די הקפות,
דעם שמחת תורה ניגון מיטן טאַנץ
דאָס ווייס סאַמעט פּרוכת מיטן געשטיקטן מגן דוד,
די ספר־תורות, דעם אָרון קודש מיטן גלאַנץ.

אין שול איך פיל אַ נשמה גאַנצקייט,
צו ערדישן תענוג קיין שום געדראַנג;
מיין נשמה שוועבט דאַן צו די הימלען,
צו דינען גאָט — מיין איינציגער פאַרלאַנג.

נאָר אין יום־טוב'דיקע טעג,
בלויז דאַן פאַרגעס איך גאָר,
אַז דער אָסיען מיטן ווינטער,
ביים טיר זיי שטייען אַ גלייכע פּאָר.

# ארץ ישראל

איך געדענק ווי איצט, כ'קען ניט פֿאַרגעסן,
ווי די באָבע מיינע ביי מיין בעטל איז געזעסן,
געזונגען האָט זי מיר אַ ליד „פּאַלעסטינע,
אונזער הייליק לאַנד, אונזער טייערע מדינה".

שפּעטער מיין מאַמע, די שיינע, די בלאַסע
געווישט האָט מיט אַ טיכל די אויגן די נאַסע.
אויך זי האָט מיר געזונגען אַ בענקענדיקן ניגון:
„שלאָף יידעלע, שלאָף, און לאָז זיך פֿאַרוויגן."

איך געדענק נאָך ווי איצט, אין שטיבל דעם קליינעם,
גערעדט מיר האָבן פֿון דעם טרוים דעם שיינעם:
עס וועט קומען אַ צייט, ווען יידן גאָר נייע
וועלן אונז פֿירן אין אונזער לאַנד דאָס פֿרייע.

אין אייביקן בטחון, אין לאַנג־יאָריקן האָפֿן,
האָבן יידן, פֿאַרפּייניקט, פֿאַרמאַטערט און פֿאַרשלאָפֿן,
מיט געבויגענע רוקנס אין געדולדיקן וואַרטן,
גע'חלומ'ט צו קומען אין לאַנד דעם געגאַרטן.

נאָר פּלוצים געקומען איז היטלער דער רשע,
פֿאַרשריען, פֿאַרטומלט די וועלט מיט זיין דרשה;
אין יידיש בלוט האָט ער דערטרונקען די וועלט,
מיט רשעות גערויבט, געמאַטערט, געקוועלט.

געשאָכטן, געברענט, געהאַנגען, געטריבן,
פֿון אונזערע ברידער קוים אַ זכר געבליבן;
צעלאָפֿן, צעוואָרפֿן אויף ים'ען און ברעגן,
געגאַנגען זיינען רעשטלעך אויף הונגער־וועגן.

אָ, גאָט, ביז וואַנען וועלן זיי אונז נאָך נאַרן
די הערשער דער וועלטס, די פֿירער, די האַרן?
וואָס ווייסן די בעווינס, די רשעים, די גוים
אונזער אויסרוף לשנה הבאה בירושלים?

מיר ווילן זיך ניט לאָזן מערער פאַרוויגן,
מיר ווילן מער ניט בעטן; זייער צוזאָג איז ליגן.
וואָס קענען זיי ווילן, וואָס קענען זיי פילן,
אונזער דראַנג דעם היימלאַנד-הונגער צו שטילן?

די בייזע עמלק׳ס, דורך דורות זיי לעבן
אָן רחמים, אָן געפיל צו אכזריות זיי שטרעבן;
זייער לערע, זייער גלויבן און תורה —
איז הערשן און האַלטן דעם שוואַכן אין מורא.

מיט מאַכט און גבורה זיי האַלטן די רוט,
און צאַפּן און פאַרגיסן פון יידן דאָס בלוט;
זינדיק, פול טומאה איז זייער גאַנצע ערד,
פון זייער ביקס און שווערד ווערן זיי גענערט.

איצט געקומען איז דער טאָג, די צייט,
דער אַלטער ישראל מוז ווערן באַפרייט;
באַפרייט פון די, וואָס האַלטן אים פאַרקלעמט,
וואָס האָבן זיין לערע און תורה פאַרשעמט.

גענוג שוין דער פינצטערער גלות,
דאָס קלאָגן און וויינען אויף יידישע מזלות;
גאָט אַליין אונז העלפט און גיט אונז דעם ווילן,
דעם הונגער נאָך היימלאַנד צו שטילן.

מיט יידישע קינדער לאָמיר לערנען תורה,
פאָדערן און מאָנען אונזער לאַנד אָן מורא.
דאָרט יעדעס זעמדעלע רופט אונז צוריק,
וואו בלעטל און גרעזל שפּראָצט אַרוים מיט גליק.

די יידישע זין, זיי וואַרפן זיך אין פייער,
פאַר אונזער הייליק לאַנד זיי באַצאָלן גאַנץ טייער;
זייער ווילן איז גערעכט, זייער בענקשאַפט גרויס,
זייער ליבע פאַר ארץ ישראל איז פלאַמענדיק הייס.

קיין אייזערנע קראַפט וועט אונז ניט אָפּשטעלן:
ניט ענגלאַנד׳ס אַראַבער, דאָס שיסן, באַפעלן,
קיין טאַנקען, קאַנאָנען, פייער און פלאַמען,
קיין זינקען פון שיפן אין טיפעניש פון ים׳ען,

ס׳וועט די שונאים גאָר ניט העלפן דאָס שרייען און העצן.
מיר ווילן, מיר ווילן אין ארץ ישראל זיך באַזעצן,
זיך ציען און קלייבן מעבר לים
צום צוגעזאָגטן לאַנד, צום יידישן שטאַם.

# נאָך אַ נס

מיר בעטן און בעטן דיך, גאָט פון ישראל,
אַ נס, נאָך אַ נס — עס זאָל אונז פּאַסירן;
דו זאָלסט דײַנע קינדער, דײַן פאָלק דעם געפּלאָגטן,
פון איצטיקן פינצטערן תהום אַרויספירן.

מיט נסים און נסים האָסטו אונז באַשאָנקען,
פון׳ם טאָג וואָס דו האָסט פאַר אַ פאָלק אונז געמאַכט;
די פּרעה׳ס, די המנ׳ס, די גרעסטע רשעים,
ס׳האָט זיי פאַרטיליקט דײַן געטלעכע מאַכט.

און כאָטש דו באַשטראָפסט אַזוי אָפט דײַנע קינדער —
ביסטו דאָך אַ פאָטער און האָסט באַלד רחמנות;
דו שיקסט דײַנע נסים אין אונזער פאַרצווייפלונג,
און ראַטעוועסט אונז פון די גרעסטע סכנות.

פון יעקב אבינו האָסטו אָנגעהויבן,
אונז דײַנע געטלעכע וואונדער באַווייזן;
יעקב דער איידעלער, צאַרטער, און שוואַכער,
באַזיגט האָט זײַן ברודער, דעם עשו פון אייזן.

ווען משה רבנו געפירט האָט די יידן,
האָט ער דורך דײַן נס אויך דעם ים סוף געשפּאָלטן;
די ווילדע מצריים, די יידישע שונאים,
האָסטו פאַרטיליקט ,דערטרונקן, פאַרשאָלטן.

דערפאַר וועט דער נס פון יציאת מצרים
אַ שטענדיקער יום טוב ביי יידן פאַרבלייבן:
די פּרעה׳ס, די המנ׳ס, און היטלער ימח שמו,
קענען מיט גאָט קיין קאַטאָוועס ניט טרייבן.

אַ קליינינקע פליגעלע האָט טיטוס דעם רשע
פאַרביטערט זײַן לעבן, פאַרצערט אים זײַן מוח;
טאָ שיק׳זשע אונז, גאָט, איצט אַ נס פון׳ם הימל —
אַ נס מיט אַ פליג, נאָר מיט הימלישן כח.

המן הרשע, דער זון פון עמלק,
געמאַכט האָט די יידן צו שפּאָט און צו שאַנדע,
זיין סוף איז געווען געהאָנגען צו ווערן —
ער און די גאַנצע רוצחים־באַנדע,

די צדקות פון מרדכי, די שיינקייט פון אסתר,
די שליחים פון נס דאַן געווען זיינען דיינע;
דורך זיי איז געפאַלן דער זון פון המדתא —
אַזוי זאָלן פאַלן די נאָכפאָלגער זיינע.

פאַרנעם, גאָט אין הימל, דיינע קינדער'ס בקשה:
פון איצטיקער צרה טו אונז אַרויספירן.
מיר זיינען דאָך איצט אין דער גרעסטער סכנה,
אַ נס, נאָר אַ נס — מיט אונז מוז פּאַסירן.

# לכו נרננה...

קומט, לאָמיר פרייען זיך אַלע אינאיינעם,
קומט, לאָמיר פייערן דעם יום-טוב צוזאַמען,
דעם געבורט פון ישראל דעם ליכטיקן שיינעם;
זאָל גרייכן אונזער פרייד די וועלט איבער ים׳ען.

אַ יאָר איז איצט נאָך ישראל׳ס געבאָרן.
עס איז געווען אונזער גליקלעכסטער מאָמענט;
געוואַרט מיר האָבן צוויי טויזנט יאָרן
צו פילן דאָס גליק מיט אייגענע הענט.

דער גרויסער אוצר געווען איז אונז באַשערט,
מדינת ישראל — דער חלום פון צייטן;
די דערהייבונג צום העכסטן שטאַפּל פון ווערט,
צוריק אין אונזער לאַנד דעם באַפרייטן.

אַ סוף צו דעם וואַנדערן אין ווייטיק, אין פּיין,
מיר׳ן בויען און פלאַנצן מיט מוטיקע הענט.
ישראל וועט וואַקסן און בליען, אין אייביקייט אַריין
אויף גערעכטן באָדן, שטאַרקער ווי צעמענט.

איז, קלינגען זאָלן גלעקער היינטיקן טאָג!
ישראל איז למזל געוואָרן אַ יאָר;
פאַרצייכנט זאָל ווערן, מיט אותיות גאָלדענע און מיט וואָג, —
דער נייער קריעת-ים אין אונזער דור.

וואויל איז די וואָס געהאַט האָבן די זכיה
און דערלעבט צו דערגרייכן דעם לאַנגען מאַרשרוט;
די פירער אונזערע וואָס האָבן געזייט די זריעה
פאַר ישראל, און געגעבן זייער לעצטן טראָפּן בלוט.

פאַר די הענט לאָמיר נעמען זיך און טאַנצן,
זאָל די וועלט די גרויסע הערן אונזער געזאַנג.
מיר — די מחותנים, ס׳איז אונזער׳ס די שמחה אינגאַנצן.
צוויי טויזנט יאָר וואַרטן איז דאָך זייער לאַנג . . .

און זאָלן מיט אונז טאַנצן אין הימל די מלאכים,
און אַלץ וואָס לעבט און אָטעמט אויף דער ערד;
אין איין רעדל פון ליב, געזאַנג און פון שבחים.
ס׳זאָל אויך זיין אַ געבעט פאַר דער פאַרניכטונג פון דער שווערד,

אַז הערשן זאָל אויף דער ערד אַ דויערהאַפטער שלום,
משיח, דער געקומענער, זאָל ניט גיין צוריק,
דאָס מקוים ווערן פון דעם זיסטן חלום
זאָל אייביק בליען און שפּראָצן מיט גליק.

## זייט געבענטשט, איר יידישע קעמפער [1]

איך זע אונזער הימל איז לויטער געוואָרן,
איך זע דורך די וואָלקנס די זון שיינט אַרוים;
אַ ליכט זע איך שיינען, אַן אָנקום פון געבאָרן —
די גרויסע גאולה זי גייט אונז פאַראוים.

איך הער אין די גאַסן אַ פריילעכן זינגען,
מיר גייען און טרעטן אַלע אין ראַנג;
פון גאָלדענע גלעקער הער איך דאָס קלינגען —
אַזש פון ישראל דערטראָגט זיך דאָס געזאַנג.

דאָס געזאַנג פון די הייליקע קעמפער, מאַרטירער,
וואָס דערקלערט זיי האָבן אַ יידישן שטאַט;
אַ יידישע מלוכה, מיט יידישע פירער,
אַז פאָלק זאָל ניט זיין מער נע ונד.

דער שענסטער אמת, דער זיסטער חלום,
צעטראָגן האָט זיך ווי א בליץ-דונער קול;
מיר וועלן איצט האָבן פרייהייט און שלום,
אַן אייגן לאַנד, אַ היים פאַר כלל ישראל.

די העלדישע קעמפער ברענגען די ישועה,
באַפרייאונג פאַרן יידישן כלל;
מקוים ווערט הייַנט דר. הערצל׳ס נבואה,
פאַר יידן אַ היים, דערלייזונג, אַ ליכטיקער שטראַל.

דאָס בת קול פון הימל האָט אונז דערהויבן,
פול זיינען מיר מיט האָפענונג און גליק;
מיט פייערדיקער ליבע און הייליקן גלויבן,
צום לאַנד פון די אָבות מיר גייען צוריק.

מיר׳ן לערנען אויפסניי די הייליקע תורה,
פון אונדזער אומה און איר הויכער קולטור;
פאַרשווינדן וועט דער פחד, די שרעק און די מורא —
ס׳וועט מער פון גלות ניט בלייבן קיין שפור.

מיר'ן אָנווענדן איצט אונזער גאַנצענעם כוח,
זיך שטעלן אין רייען און קעמפן מיט מוט,
הינטער מדינת ישראל און איר גרויסן מוח,
פאַראייניקט, פאַרברידערט אין פלייש און אין בלוט.

איר טייערע ברידער און שוועסטער,
דו, הגנה הייליקע, פון שטעטלעך און שטעט;
אויף אייך איז געפאַלן דער גורל דער שווערסטער,
אין הייליקער שליחות טרעט ווייטער, טרעט.

שפּאַנט ווייטער און שנעלער, ווייל מיר גייען צוזאמען
צום קאַמף צום גערעכטן. הייליק איז די מיסיאָן!
פאַר פרייהייט קעמפט! אין אַ וועלט פון פלאַמען,
קעמפט אוים פאַר יידן אַ זיגרייכע פאָן!

פון האַרצן טיף איך שיק אייך מיין ברכה,
פאַר גערעכטן זיג און שנעל-שנעלן פרידן;
זייט געבענטשט מיט פרישן כח און הצלחה,
בויט אַ היים אַ זיכערע פאַר אַלע יידן.

# הייליקע אַנטפּלעקונג

בלייב שטיין, איצט, אייביק, הייליקע אַנטפּלעקונג,
לאַנג דערוואַרטעטע העלקייט דורך פינצטערניש פון תהום;
מיט אונדז איצט בלייבן מוזסטו, ליכטיקע אַנטדעקונג,
צו פינצטערער פאַרגאַנגענהייט קער זיך מער ניט אום.

דורך דאַרנדיקע חושכ'ן האָסטו אַרויסגעבליצט,
אויסגעצערטע הערצער און אויגן אונדז באַהעלט;
שפּל'ע פאַרגליווערטקייט, פון קיינעם ניט באַשיצט,
געלייטערטע מיר שטייען איצטביים טיר פון גאָט'ס געצעלט.

טויזנטער יאָרן געלעכצט מיר האָבן נאָך דער גאולה,
געיאָגט פון בייזע ווינטן, פאַרוועלקט פון צייט און רוים;
פאַר עברות ניט־באַגאַנגענע מיט בלוט באַצאָלט אפילו,
אין וואָגלענדיקן וואַנדער אין נעפּל פונעם טרוים.

איצט, ווען חושים און גלידער אָטעמען און פילן,
די נאָענטקייט און באַריר אַז משיח איז שוין דאָ;
זאָל דער אויפגעברויזטער פייער זיך מער ניט קילן,
אַז דערגרייכט מיר האָבן די לאַנג־געגאַרטע שעה.

וואָס גרעסער דיליידן — רחמנות'דיקער די השגחה,
צו פּרואוון זיינע קינדער, איז די מדה פון גאָט;
אָבער משפּט'ן וועט ער מיט רחמים, און ניט על פי הלכה,
„כרחם אב על בנים", מיט יושר און גענאָד.

געטראָטן לאַנג מיר האָבן אויף בלוטיקע וועגן,
און יעדן טראָט מיט קרבנות פיל פאַרזייט;
דאָך שפּאַנען מיר שטאָלץ, מיט גלויבן אַנטקעגן,
צום לאַנד פון מילך און האָניק וואָס שטייט פאַר אונדז שוין גרייט.

די לאַנג־פאַרצויגענע גזרות, זיי האָבן ניט צעבראָכן,
ניט שוואַך געמאַכט דעם גייסט, ווייל מיר זיינען אייביק ווי דער ים;
די פּורעניות'ן האָבן געשטאַרקט נאָך מער דעם בטחון,
אין אונדז די מוטיקע זין פון איידעלן יעקב־שטאַם.

אין דעם אייביקן געראַנגל פון פינצטערניש און ליכט,
קיין מאַכט אין דער וועלט וועט ניט קענען אָפּשטעלן
יושר און גערעכטיקייט, ווייל דאָס געטלעכע געזיכט,
פאַרטרייבן וועט דעם חושך און אַלץ אַרום באַהעלן.

אין דער רגע איצט פון ליכטיקער אַנטפּלעקונג,
מיר שטייען מיט אָרעמס אָפענע דאָס גליק צו פאַנגען;
דורך דורות האָט ישראל געזייט מיט טרערן,
איצט שניידן וועט ער מיט געזאַנגען . . .

## דער דריטער בית המקדש

שטייט אויף פון די קברים, נביאים איר גרויסע,
איר האָט די מענטשהייט צו פרייהייט געוועקט;
אייערע פאַרזייטע פונקען, פייערדיק הייסע
צעפלאַקערט זיך האָבן און מיט ליכט די ערד באַדעקט.

איר גרויסע וואָרהייט־זאָגער, אמת׳ע מענטשן פריינט,
ישעיה, ירמיה, עמוס — וועג־ווייזער פון אמאָל;
אייך נביאים, פרייהייט־טרעגער דאַרפן מיר האָבן היינט,
אייער שאַרפזיכטיקייט, אייער דורכדרינגענדיקן קול.

מיט זוימען פון גערעכטיקייט די ערד האָט איר פאַרזייט,
די שפּראָצונג איז ארוים, זיך צעוואָקסן און צעבליט,
איבער בערג און טאָלן זיך געריסן און צעשפּרייט —
אָנגעגאָסענע זאַנגען וואַרטן אויף דעם שנית.

שטייט אויף און ווייזט די שניטער דעם וועג
צו זאַמלען די תבואה מיט אומבאַפלעקטע הענט;
אייערע גייסטער זיי שוועבן און צילן צום צווײבער־ברעג,
צו אַ וועלט פון גערעכטיקייט און אמת, וואו אַ נר תמיד ברענט.

קומט, פירט אונדז אַריבער דעם וואַקלדיקן בריק,
צו דער הויכקייט פון צוגעזאָגטן זיכערן אָרט,
וואו דער מאָרגן שטערן גייט אויף און שיינט מיט גליק.
אַ דריטן בית המקדש בויען וועלן מיר דאָרט.

אַ טעמפּל פאַר דער אייביקייט. ניט פון ציגל, שטיינער,
נאָר פון ריינעם קריסטאָל, דורכזיכטיקע ווענט,
אַ מקום קדוש וואו קומען וועט קענען יעדער איינער,
און צינדן ליכט פאַר דער מנורה מיט ריינע הענט.

שטיין וועט דער בנין אויף שטאַרק־פעסטע זיילן,
חרוב ווערן וועט ער ניט קיינמאָל אין דער וועלט.
דעם שקר וועט דער אמת פאַרניכטן מיט זיינע פיילן,
אומבאַרירט, אומבאַפלעקט, אייביק וועט שטיין דער געצעלט.

אַ, איר גרויסע נביאים, איר האָט געשטאַרקט דעם גרונט
פון דער הייליקער תורה, און דאָס וואָרט פון גאָט,
דאָס איז ברודער־ליבע געקניפּטע, שותפות׳דיקער בונד,
אחדות, אָפּענהערציקייט, מענטש־צו־מענטש געגאָד.

ישראל וועט בויען דאָס הייליקע הויז ביז אין אייביקייט אַריין,
אָן כהנים—גאָט׳ס פאַרזאָרגער, אָן דאָס שעכטן פון לעבעדיקע קרבנות,
אָן דאָס שפּריצן פון הייסע בלוט, אָן מענטשלעכע טרערן, פּיין,
ניט צו דינען פאַלשע געטער, צום שטן׳ס שוואַרץ־לצנות.

דער בלויער ריינער הימל וועט זיין דער דאַך פון אויבן,
איבער דער מענטשהייט וועלן פינקלען ליכטיקע שטערן;
אין אַ פרייער זוניקער סביבה, שטראַלנדיק, דערהויבן —
ווי זאַמדביים ברעג פון ים וועלן זיך קינדער מערן.

אייביק וועלן פעלקער זיך ציען צו דעם הייליקן אָרט,
די שכינה וועט באַלויכטן אַלע פינצטערע וועגן;
די יורשים פון דער ערד געפינען וועלן אַ תקומה דאָרט —
מקוים געוואָרענע נבואה וועט קומען זיי אַנטקעגן.

לאַנג אין אייביקייטן וועט דעם פאָלק זיין ליב און טייער
איר לערער גרויסע וואָס האָט צו גערעכטיקייט דערמאָנט,
אַז אַ בית המקדש שטיין מוז אין אַ וועלט אַ פרייער.
דאָס האָבן דורך אַלע דורות אויך די געפאַלענע געמאָנט.

אויפגיין וועט דער הייליקער טעמפּל אויף געטלעכן יסוד,
ס׳וועט הערשן רו און שלום אויף יבשה און אויף ים׳ען,
דאַן אויף ערד וועט קומען דאָס קעניגרייך פון גאָט,
און שאַפן אַ גן עדן פאַר ייד און הייד צוזאמען.

און פרייען וועלן זיך די לעבעדיקע, אויך די טויטע,
פון תחית המתים, פון אייביקן וואַרטן און האָפן,
אויף אַ נייע וועלט אָן אָפענע אַ ליכטיקע, אַ ברייטע,
וואו ס׳איז ניטאָ קיין שקלאַפן, און קיין האַרן צו באַשטראָפן.

# אחדות

כ׳געדענק — און וועל דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן,
ווי מיין באָבע איז לעבן מיין בעטעלע געזעסן,
און געזונגען מיר אַ ליד פון דער הייליקער מדינה,
דאָס לאַנד פון די אבות מיטן נאָמען „פּאַלעסטינע״ . . .

און שפּעטער מיין מאַמע, אַ צאַרטע, אַ בלאַסע,
מיט אויגן פאַרבענקטע, פאַרטראַכטע נאַסע.
אויך זי האָט געזונגען מיר אַן אומעטיקן ניגון,
שלאָף, קינד מיינס, שלאָף און לאָז זיך פאַרוויגן.

מיין טאַטע געלערנט האָט תמיד די גמרא׳ס,
געזיפצט און געקרעכצט פון יידישע צרות.
אין אונדזער שטיבל, געשוועבט האָט דער אייביקער חלום —
פון ארץ־ישראל, און פון אַ וועלט פול אין שלום.

ס׳וועט מקוים ווערן גאָט׳ס הייליק צוגעזאָגט וואָרט.
נעמען וועט ער אונדז אַהין צום געבענטשטן אָרט
ס׳וועט קומען אַ ישועה פאַר אונדז יידן אַלע,
ישראל צו יידן זיין וועט ווי אַ חתן צו זיין כלה.

משיח וועט אונדז פירן אויפן ווייסן פערד,
מילך און האָניק וועט ווידער פליסן פון דער הייליקער ערד.
דער לויתן וועט ווערן אויף טעלער אויסגעלייגט,
און דער שור־הבר פאַר יעדן וועט ווערן אָנגעגרייט.

די הבטחה פון גאָט, פון דור צו דור,
געגערט האָט די נשמה פון יאָר צו יאָר.
אין הערצער דאָס פּינטעלע ייד באַהאַלטן
און דעם קיום אין גלות אונדז דערהאַלטן.

איצט מוזן מיר דעם שיינעם חלום גוט פאַרשטיין,
פּותר זיין דעם זיסן חלום מוזן מיר נאָר אַליין . . .
ווי יוסף הצדיק׳ס חלומות זיינען מקוים געוואָרן
אַזוי וואַקסן מוז ישראל ווי ניי געבוירן.

פאַראייניקט זיך, מאַכט שלום — איר פירער גרויסע,
לאָזט ניט שטרויכלען אייער טראָט אין בלוט־שטרייטן הייסע.
וואָס איז דער חילוק דען ווער מער איז גערעכט?
זעט דער הייליקער ציל ניט ווערן זאָל פאַרשוועכט.

פאַרזייט און בויט אויף דאָס לאַנד דאָס געגאַרטע,
מחנות ציען צו אייך מיט גבורה אויפגעוואַכטע;
אַ היים, אַ פרייע, אַן אייגן ווינקל וואו צו לעבן,
ס'איז אייערער דער חוב, די וואַנדערער ליבשאַפט געבן.

ישראל פאַר יידן — אַ צוגעזאָגטער גן־עדן,
קיין קראַפט זאָל אונז ניט מער צעשיידן.
יונג און אַלט איצט וואַנדערן, מאַמעס, קינדער אויף אַלע וועגן,
גאָט, אוי, גאָט, ברענג זיי אַלע צו די ישראל ברעגן . . .

נאָר אין אחדות, אין איינינקייט גרייכן וועלן מיר דעם ציל,
אָבער ניט דורך מחלוקת — ס'איז אַ פאַלשע שפיל.
פירער יידישע — ניט פאַרלירט די קלאָרע קעפּ,
געדענקט די ליידן און דעם טעם פון גוי'עשע קלעפּ . . .

גוטסקייט, חבר'שאַפט. זאָל בלייבן אייביק דער שלום.
דאָס איז דאָך געווען דעם גרויסן דר. הערצל'ס חלום . . .
העכער און העכער הייבט די יידישע פאָן,
און גרייכן וועלן מיר פון דער וועלט — דעם אויבנאָן . . .

# די יידישע פרוי

דער יידישער קאָנגרעס וואַקסט גרופּע נאָך גרופּע,
אונדזערע ברידער פאַראייניקט ווי אונטער אַ חופּה;
יידישע מאַמעס, טעכטער, און שוועסטער,
אַלע אין איין הייליקער אַרבעט דער גרעסטער.

מיר שטעלן זיך אַלע אין גרעסערע רייען,
פאַראייניקטע פראָנטן און אַרבעטס־אַרמייען;
צו בויען אַ וועלט פאַר אַלעמען גלייך,
פאַר כלל ישראל, פאַר אָרעם און רייך.

היינטיקער טאָג איז אין מיין לעבן דער בעסטער,
געקומען בין איך צו דער גרופּע „אסתר״.
דאָ האָב איך געפילט ווי ניי געבאָרן,
און כ׳בין איינע פון זיי גלייך געוואָרן.

וואָס פאַר פּנים׳ער, זיסע, געטרייע,
וויפיל ליבשאַפט פון דער וועלט דער נייער;
זייערע האַרציקע מענטשלעכע אויגן,
האָבן מיך מיטגעריסן און צו זיי צוגעצויגן.

וואָס פאַר אַ קראַפט עס ליגט אין יידישע ווייבער,
זיי זיינען גרייט זיך מקריב זיין מיט נשמה און לייבער,
צו געבן צו העלפן זיי זיינען אַלעמאָל גרייט,
פון דורות און דורות, זינט די וועלט שטייט.

די ערשטע געווען איז אונדזער מוטער חוה,
זי איז געווען נייגעריק, משיקאַווע;
זי האָט ניט געוואָלט שטיין אפילו אין גאָרטן,
און געפונען אַ מיטל אין גן עדן דאָרטן.

זי האָט זיך צערעדט מיט דער שלאַנג,
ס׳האָט ניט גענומען קיין רגע לאַנג;
פון דעם עפּל האָט זי געגעבן אַ ביס,
און אדמ׳ען געזאָגט — עס איז זיס.

ווען ניט חוה וואָלט אדם אין הייל געווען איצט,
צווישן די דערנער און שלאַנגען ביז היינט נאָך געשוויצט,
נאָר חוה׳ס קאָפּ האָט געקלערט און געזוכט,
די ערשטע האָט זי פון עץ הדעת פאַרזוכט.

געריסן די בלעטער — די שאַנדע פאַרדעקט;
זי האָט דעם מאַן פון שלאָף אויפגעוועקט,
מענטש! עפן די אויגן און זע ווי שיין ס׳איז די וועלט!
וואָס טויג דער גן עדן אונדז פון שלאַנגען געקוועלט?

מיר זיינען דאָך מענטשן פון פלייש און פון בלוט,
מיר דאַרפן נעמען פון אַלץ וואָס איז גוט;
דער נחש איז די טומאה, ער איז דער שטן,
ער לערנט דעם מענטשן וואָס עס איז פאַרבאָטן . . .

אויך די מוטערס אונדזערע, שרה, רבקה, רחל און לאה,
געטראָגן האָבן זיי אין זיך די שענסטע אידעע;
צו נעמען ביים פאָטער די בכורה און ברכה,
און געבענטשט צו ווערן מיט גרוים הצלחה.

און אויך משה רבינו אונזער יחוס,
געקומען איז צו פרעה׳ן מיט אַ שליחות.
און באַפרייט האָט ער אונדז פון שקלאַפן־לאַנד.
אים פון נילוס אַרויסגעצויגן האָט אַ פרויען־האַנט,

און ווען דער גרויסער נס האָט פּאַסירט און עס האָט געגאָלטן,
ווען ער האָט מיט זיין שטעקן דעם ים־סוף געשפּאָלטן,
האָט מרים, זיין שוועסטער שירה געזונגען,
און פאַר די פרייע יידן מיט פּייקלעך געקלונגען.

אויך בראַוו געווען איז יהודית אין גאַלאָפּ,
ווען אין געצייל זי האָט אלפורנוס׳ן אַראָפּגעהאַקט דעם קאָפּ.
און נאָך און נאָך אַ סך יידישע מאַמעס,
העלדן זיינען געווען אין יידישע געשיכטע־דראַמעס.

אסתר המלכה די העלדן פון פורים,
געראַטעוועט האָט פון טויט איר פאָלק אין יסורים;
צניעות׳דיק, קונציק געשפּילט איר ראָלע,
ביז המן דער רשע האָט געכאַפּט די מפּלה.

און דורות און דורות, „מרים” און „אסתר”,
די מאַמעס, די פרויען און שוועסטער;
זיי דערציען זין, ברידער און מענער,
צו ליכט און תורה, צו וועלטלעכע קענער.

פרויען וועקן די זין און טעכטער צו אַ לעבן,
צו א שענערער וועלט צו אַ העכערן שטרעבן;
מאַמעס לייגן דעם באָדן פון די מענער גרעסטע,
אַ פרוי מיט חכמה איז אַ חוה די ערשטע.

איז זאָלן מיר אַלע בויען אַ געצעלט,
פאַר אונדזערע קינדער — אַ בעסערע וועלט;
פאַראייניקט זיך אַלע, אַלע אין איינעם,
צו גרייכן די וואָר פון דעם חלום דעם שיינעם.

ציוניסטן, קאָנגרעס, יונייטעד אַפּיל,
פירער! איר ווילט דאָך דעם זעלבן ציל;
פאַראייניקט זיך אַלע אין אַ נאָבעלן צוועק,
און מאַכט פון דעם גלות ליידן אַן עק.

העלפט די שוואַכערע וואָס ווערן געטריבן,
די, וועלכע זיינען נאָך הוילע געבליבן;
איר פרויען, מאַכט ליכטיק פינצטערניש און צייט,
און וועקט די מענטשן צו ווערן באַפרייט.

די יידישע פרוי — איר שיינער נאָמען וועט נאָך קלינגען
אין דורות ווייט מען וועט איר העלדישקייט באַזינגען.

# חנוכה־ליכט

יעדער יום־טוב האָט זיין ניגון,
זיין מעלאָדיע און שיינעם קלאַנג;
מיט פאַרבן און קאָלירן בונטע —
עס איז דער יום־טוב אין געזאַנג.

יעדער שבת, יעדער יום־טוב
האָט אַן אַנדער חן און רייץ;
ס'האָט זיך יעדער יום־טוב,
זיין תנועה'לע, זיין קנייטש.

פון אַלע — חנוכה איז דער שענסטער.
אין יאָרן יינגער — דאָך אַ פּראַכט.
אין דער טונקעלער כסלו נאַכט,
לויכטן זיי — די ליכטלעך אַכט.

פון די פלעמלדיקע ליכטלעך,
אַ העלדישקייט שיינט אַרוים.
אַן אייביק יידישן נצחון,
די ליכטלעך טאַנצן אוים.

אַ נצחון גרוים איבער שונאים,
די מאַקאַבייער'ם העלדן־טאַט.
מיר פייערן אין חנוכה דעם נס
וואָס יידן האָבן דאַן געהאַט.

דעם נס פון קריגל בוימל,
וואָס אין מנורה האָט געברענט.
דאָס באַנייען דעם בית־המקדש,
דאָס באַגילדן די הייליקע ווענט.

אין שפּעטער שעה, די ליכטלעך צאַנקען,
וואַרפן שאָטנס איבער שטילן הויז;
דאָך דער פלאַם, אייביק לויכט;
און לעשט זיך קיין מאָל ניט אוים.

די ליכטלעך שטיל אונז דערציילן,
פון ניסים גרויסע פון גאָט געשיקט.
אין לויף פון דורות און גלות לאַנגען,
געשיצט האָט דער בורא אונז און באַגליקט . . .

די ליכטלעך פינקלען און דערמאָנען צייטן ,
ווען פיין האָט געשליידערט אונז און געהויבן.
פלוצעם איז הילף פון ערגעץ אָנגעקומען
און אונז פון דער ערד אויפגעהויבן.

ס'קומען צייטן נייע פאַר אונז יידן,
שיינען וועט די זון און באַלעבן די ערד,
לעבן וועלן יידן אין אחדות און שלום.
אַן אַקער וועט ווערן די שווערד . . .

שלום וועט הערשן אויף ערד און ימ'ען.
פאַראייניקן זיך וועלן וואָלף און שאָף.
מקוים וועט ווערן ישעיהו'ס נבואה,
צו מלחמות בלוטיקע וועט קומען אַ סוף.

און זינגען וועלן מיר יום־טוב ניגונים.
גרייכן וועט אונזער פרייד צו גאָט.
און שיקן וועלן מיר צו גאָט אַ לויב,
פאַר די ניסים זיינע און גענאָד.

# פרילינג

א.

שיינע טייכן, בוימער, גראָזן,
ס׳ווילט זיך מיר ניט אייך פאַרלאָזן;
מיט אייך זיין וויל איך, און געניסן
פון דעם פרילינג, פון דעם זיסן.

איך וויל ניט זיך מיט אייך צושיידן,
מיין וועלט זייט איר, און מיין גן עדן;
איך אויך וויל אויפגיין, לעבן, בליען,
און אין זון־שיין לויכטן, גליען.

ווי אַ פויגל וויל איך שוועבן,
צוזאַמענגיסן זיך מיט׳ן לעבן,
פליען, זינגען, פאַראַדירן,
אייביק אייביק, עקזיסטירן.

אין מיינע אָדערן טוט דאָך פליסן,
אַ דראַנג צו לעבן און געניסן;
כ׳וויל מיין פרילינג ניט אויפגעבן —
פרילינג מיינט דאָך יוגנט, לעבן.

און קען איך ניט אַרויפצו פליען,
ווי אַ פויגל הויך זיך ציען —
וויל איך זיין אַ בלום, אַ גרעזל,
און אַ יעדן פרילינג בליען.

כ׳וויל פון זון אויך זיין געוואַרעמט,
פילן טיף דאָס ווינטל בלאָזן;
כ׳וויל זיך בויגן, וויגן, שמעקן,
גלייך מיט אייך — גרינע גראָזן.

ווען כ׳קען נאָר זיין מיט אייך אינאיינעם,
צוזאַמען חלומ׳ען, טרוימען,
אָפן האַלטן מיינע אויגן,
און זיך שטילע סדות רוימען.

איך ליב אייך זייער, שיינעביימער,
איר זייט דאָך הויך און מעכטיק!
אָ, ווען אייער׳ס כ׳בין אַ בלעטל
אויף אַ צווייגל שיין און פּרעכטיק!

אָדער ווען איך פאַרוואַנדעלט ווער
אין אַ בריאה׳לע אַ קליינער;
און שפּרינג אַרום זיך פריי און זאָרגלאָז
אין דער וועלט, דער גרויסער, שיינער.

ווען איך וואָלט כאָטש קענען ווערן
אַ זעמדעלע ביים ברעג פון ים׳ען,
נאָר מיט דער וועלט, דער ליכטיק-שיינער,
שטענדיק זיין פאַרהילט צוזאַמען!

ב.

ווידער ווערן גרין די ביימער, די גראָז און די בלעטער,
ווידער קומט צו אונדז דער צעשטראַלטער פרילינג באַלד;
די שוואַנגערנדיקע ערד, ברייטער ווערט און זאַפטיק-פעטער,
פון שלאָף וואַכט אויף דער גרייז, דער אַלטער וואַלד . . .

ס׳קומען פייגל פון ווייט, וואַרעמע זוניקע ווייטן,
צעפריילעכטע פאַרנעמען זיי זייער אָרט צוריק;
פליען, זינגען, שרייען מיט אַ קול פאַרשייטן
אין וואַלד זיי ציען צו געפינען זייער גליק.

ס׳נעמט אַ סוף צום ווינטער׳ס שווערן טראָגן.
פון באַהעלטעניש — וואָרצלען גרינע שפּראָצן אַרויס;
ווי פון אַ מוטער׳ס לייב אַ קינד — אין אימפּעטיקן יאָגן —
לעבנס צום ליכט זיך ציען און פריידיק שרייען אויס . . .

ניי געבוירן ווערן זאַנגען אין פריש-גרינער בליאונג.
טייכלעך שטראָמען, פליסטערן, דורך גרינעם שרונט;
גראָזן, פון ווינטלעך מילדע, פלעכטן זיך ווי אַ רינג,
אַלץ לעבט אויף, די ערד צעפראַלט איז אָן אַ גרונט.

דאָך איז די פרייד ניט פאַר אַלע מענטשן,
ניט אין יעדנס אויג איז דער פרילינג גרין;

ניט איך קען זיין אָנהויב אין האַרצן בענטשן,
פאַר מיר האָט דער פרילינג-שפּיל ניט קיין זין.

איך זע אַ שווימנדיקע גרינקייט פאַר די אויגן,
אין העלן ליכט—אַ טיפער תהום, אַ שוואַרצער אונטערגרונט;
אויף די גרינע וועגן פרילינגדיקע גיי איך געבויגן,
און עס שטראָמן מיינע טרערן אין שפּיגלדיקן וואַסער גרונט.

ג.

צו מיר וועט דער פרילינג קיין מאָל מער ניט קומען,
די זון די גאָלדענע זי וועט ניט שיינען מער פאַר מיר.
די ערד האָט ביי מיר דאָס ליבסטע צוגענומען,
פאַר מיין פרייד אין לעבן שטייט אַן אייזן-פעסטע טיר.

ניט פאַר מיר וועלן שיינען, פינטלען שטערן,
פאַרגליווערט איז לבנה, דיר הימל שיינט אָן גליק;
אין אַלץ איך זע דאָס פאַרגיין, דאָס טרויעריקע ניט ווערן,
דאָס געבוירן ווערן — נאָך מער דאָס גיין צוריק . . .

מיין האַרץ בלוטיקט אויף בליאונג ווייסע, אויף די רויזן רויטע,
איך באַוויין די בלומען, זייער צאַרט-קורצן לעבן דאָ;
די בלימעלעך אין פעלד אויך אויף זיי קומט דער טויט,
איך זע דעם ציטער זייערן, דאָס פאַרגיין, די לעצטע שעה...

אין מיטן פרילינג — דער אונטערגאַנג זיך רוקט,
די שוואַרץ-פינצטערע נאַכט אָנקומען איך זע;
איך פיל דעם ציטער, איך זע ווי זי פאַרצוקט,
אינעם שענסטן פרילינג — פון לעבן איך הער דעם אַדיע!

ד.

אין אַ שיינעם פרילינג-מאָרגן,
גיי איך אויפן לאַנד אַליין;
און אַ ווינטל גלעט און צערטלט —
אַלץ אַרום איז פול מיט חן.

ווער דאַרף רייכקייט און מיליאָנען?
וואָס מיר צירונג און פאַסאָנען?

כ׳וויל קיין באַנקען ניט מיט געלדער —
ווען איך האָב די גרינע פעלדער.

בוימער, בלומען, וואַסער, גראָזן,
ווייכע ווינטלעך זאַנפטיק בלאָזן,
גיבן מוט און לוסט צום לעבן,
ווייט צו פליען, הויך צו שטרעבן.

קוואַלן שורשען; זשוזשען זאַנגען;
זיסע האַרמאָני פון קלאַנגען.
שפּאַן איך איבער אַלטע פּלויטן,
וואַרף אַראָפּ פון זיך די קייטן.

זיץ איך אויף דעם גראָז און חלום:
גאָט! ווען אחדות, רו און שלום
הערשן זאָלן אויף דער וועלט —
גייט דער טייוול מיט זיין געלט!

ה.

באַלד, באַלד — עס קומט דער שיינער ליבער פרילינג,
ער קומט לאַנגזאַם אָבער מיט זיכער־פעסטע טריט;
מיט זיין ברודער זומער, דעם צערויטלטן צווילינג,
אויך די זון, די גאָלדענע, זיי קומען אַלע זאַלבעדריט.

פול איז די לופט אַז עס קומט דער פרילינג אָן,
הערצער ווערן אָנגעפילט מיט אַ שפּאָגל נייער פרייד;
האַרץ און נשמה פילט דעם זיסן צויבער טאָן,
און אַראָפּ זיי וואַרפן די ווינטער־קליידער פון לייד.

אַ סאַמעט־ווייכע גרינקייט פאַרציט זיך אַרום,
די וועלדער, פעלדער בליען אויף אין כוואַליעס מיט צוויט;
יעדעס זאַנגעלע, גרעזעלע פון זון־שיין צעגליט,
די ערד די צעפראַלטע ווערט ווייך און לויז אומעטום.

עס מורמלען טייכן, קוואַלן אין קילע שטראָמען . . .
פייגעלעך פליען אָן ווי שכור׳ע פון ווייַן,
ברואים׳לעך קליינינקע, סודות אונדז דערציילן,
טוליען, קושן זיך אין די מיילעכלעך אריין . . .

ביימער טוען אָן קליידער נייע און גרינע,
ווי אויסגעפּוצטע כלות אין פּראַכט און גלאַנץ;
אויף די גרינע צעקרויזטע קעפּ עם לויכט די שכינה,
צניעות׳דיק טאַנצן וועלן זיי דעם ערשטן טאַנץ . . .

ו.

גלעטן, ווייען וועט פריילעך־מילד דאָס ווינטל
נאַטור׳ס כלי־זמרים שפּילן וועלן די חתונה מוזיק;
דער יונגער חתן בהור, דער פרילינג, מיטן אויג אַ פינטל,
ווינטשן וועט אַ מזל־טוב יעדערן מיט גליק.

קוויקן אונדז וועט דער פרילינג מיט דופּטנדיקער זיסקייט.
פרימאָרגן שטראַליקער ברענגט פיל־פאַרביקע קאָלירן,
אַלץ אין דער נאַטור וועט פלאַטערן פון פרישקייט;
דער זונ׳ס וואַרעמע שטראַלן וועלן איבערן ים שפּאַצירן.

אין אָוונט די לבנה, אין שלייער ווייס, אין ברייטן,
ווי אַ קיניגן געמיטלעך רוען וועט, אין איר הימל־שטוב:
די גאָלד־פינקלדיקע שטערן — טישן וועלן גרייטן,
פאַר אונדז די ערד־מחותנים פון כל טוב.

וואַקסן, בליען וועלן בלומען און רויזן רויטע,
די גראָז־אַלייען דופטן וועלן ריחות — אַ באַלזאַם.
אויף פאַרלעך יונגע, פאַרליבטע, פון פרילינג דערפרישטע.
אין פרילינג לעבט און ליבט יונג און אַלט אָן אויסנאַם.

דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרקער אין הייסע מינוטן,
אויערן נאָר הערן קלאַנגען דינע פון וואונדערלעכער מוזיק.
ס׳דרינגט דורך דעם קערפּער׳ס הייסע בלוטן,
און וועקט פאַרלאַנגען פון אייביק־הימלישן גליק.

אוי, פרילינג טייערער, פרילינג ליבער — ביסט מיין פריינד,
אָנגעקניפּט אין דיר איך האָב מיינע שענסטע יאָרן,
דיין קומען האָט מיין פינצטערניש פאַרשיינט,
און יעדן יאָר איך בין אויף דאָס ניי געבוירן . . .

.ז

עס קומט שוין אָן דער שיינער פרילינג
מיט זיין פולן פּראַכט און גלאַנץ;
פייגעלעך — זיי שפּרינגען, זינגען,
טאַנצן זייער ערשטן טאַנץ.

די בוימער הויבן אָן צו בליען,
די פייגעלעך — זיי פליען, פליען,
שפּרינגען פון איין בוים צום אַנדערן;
צוריקגעקומען שוין פון וואַנדערן.

פליען, פליען זיי צוזאַמען
צו דער ווייכער ערד — דער מאַמען;
פון די ביימער צו די גראָזן,
וואו לינדע ווינטעלעך עס בלאָזן.

אין דעם שיינעם פרילינג־מאָרגן,
ווען די זון איז נאָך פאַרבאָרגן,
גריסן זיי אונדז מיט געזאַנגען,
פילן אָן די לופט מיט קלאַנגען.

אויך ביי מיר אונטער מיין פענצטער,
הערט זיך דער געזאַנג דער שענסטער;
פאַרקליבן האָבן זיי זיך אויבן —
פליען, פּיקן מיינע שויבן.

אין זייערע שיינע זיסע קלאַנגען
הער איך ליבשאַפט און געזאַנגען;
אין זייער סוד'ען זיך און ריידן
פילט זיך גאָטהייט אין גן־עדן.

מיט זייערע סודות'דיקע שפּראַכן,
וועקן זיי אונדז צו דערוואַכן:
שוין גענוג, געגנוג צו שלאָפן;
שטייט אויף, שטייט אויף — די וועלט איז אָפן!

# מייןביימעלע

ביימעלע, שיינע, פּרעכטיקע מיינע,
באַשיצט בין איך אונטער דיינע גרינע צווייגן;
כ׳האָב ליב אַזוי די צעבלעטערטקייט דיינע,
סודות׳דיקע ווערטער הער איך אין דיין שווייגן.

אַ דאַנק באַשעפער דיר פאַר דעם צעבליטן בוים,
אַן עמוד האָסטו אַוועקגעשטעלט פאַר מיר,
דאָ ביים ים׳ס גרינעם פוכיקן זוים,
וואו איך זיץ און זינג שירה, גאָט, צו דיר.

דיינע ברייטע גרינע צווייגן ווי אַ פעכער,
פון ווינטן וויגן זיך, פאָכן אַרויף און אַראָפּ;
פון נאַטור׳ס זאַפטיקן פרימאָרגן, דעם זוניקן בעכער,
טרינק איך שלוה׳דיק אָנגעלענט אויף דיר מיין קאָפּ.

איך טוליע זיך צו מיין גרינעם פריינד דעם בוים,
און פיל זיך גליקלעך דאָ ביי זיין פעסטן שטאַם;
דאָ צעשפּילט מיין פאַנטאַזיע זיך, מיין קראַפט, מיין טרוים;
און פיל ווי דער פויגל פריי פון יעדן צאַם.

איך וואַרעם זיך אין זונען-אויפגאַנג׳ס שטראַלן,
מיין איך באַקומט אַ פרישע, נייע קראַפט;
איך הער די פייגל דאָ, זייער זינגען, זייער שאַלן,
בוים, דו טייערער, כ׳ווער גענערט דאָ פון דיין זאַפט.

בוים, דו שיינער, דו וואַקסט, דו בליסט אין מיינע אויגן,
דיין שווייגן — אַ צויבער-מעשה׳לע דערציילט:
דיין זון-באַשערטע קרוין זאָל זיך קיינמאָל ניט בויגן,
ווייל דו, בוים געטרייער, האָסטו מיין האַרץ געהיילט . . .

האָסט געגעבן מיר אַ סך פרייד אין לעבן,
לעבן דיר האָב איך פון אַלץ געטרוימט, גערעדט;
פון בלויען הימל, פון דעם וואָלקנ׳ס שוועבן,
פון די פייגעלעך וואָס איינס דאָס צווייטע גלעט.

פון דעם שטראָם און פלוס פון ים,
פון דעם רעגענבויגן און זיינע וואונדערלעכע קאָלירן;
פון דעם ריטם דער וועלט׳ס — דעם טאַקט, דעם גראַם,
פון ים׳ס גבורה, וואָס טוט די שיפן פירן.

פון דער זון בייטאָג, פון דעם אייביקן ליכט,
וואָס וואַרעמט אונדז און טוט אונדז דערנערן;
אין די אָוונטן — פון דער לבנה׳ס בלאַס געזיכט,
מיט די פינקלדיקע טאַנצנדיקע שטערן.

פון די ביימער — די שוועסטער דיינע, וואָס שטייען אַרום
און באַוואונדערןביידנס צוגעבונדנקייט צוזאמען;
ווי פאַרליבטע צווי, בין איך מיט דיר, און דו מיט מיר,
בין פאַרצערט פון די בענקנדיקע פלאַמען . . .

מיט דיר, מיין טייערער בוים, מיין פריינד,
האָב דאָס אַלץ געזען און טאָג און נאַכט געהערט;
און איך דאַנק און לויב דעם בורא־עולם היינט,
וואָס האָט מיך מיט דיר אין אַ פּאָר באַשערט.

כ׳האָף נאָר, אַז נאָך אַ סך יאָרן און צייטן,
זיצן זאָל איך אונטער דיינע גרינע צווייגן־הענט;
וואָס איז דען גליק? און וואָס — די אייביקייטן?
עס איז דאָס זיצן לעבן דיר צווישן הימל׳ס בלויע ווענט . . .

# טייבעלעך

עס פּיקן די טייבעלעך, מענעלעך, ווייבעלעך,
חיונה וואָס זיי איז באַשערט;
ברעקעלעך, גרעזעלעך; שפּרינגען ווי בלעזעלעך
אויף ווייכער און וואַרימער ערד.

פון פריען פרימאָרגן, זיי פלירטעוועז, וואָרקען,
זיי האַלדזן זיך, קושן זיך פריי.
אַ לעבן פול ליבע, אָן זאָרגן די טריבע —
אַזאַ לעבן צו לעבן איז טאַקי כדאי.

פון נעסטן, פון לעכער, פון קוימענס פון דעכער,
פאָרלעך זיי פליען אויף גראָז און אויף בוים;
די פליגל זיי טראָגן, די וועלט זיי פאַרמאָגן:
די זון, די לופט און דעם רוים.

וואָס וואָלט איך ניט געבן פאַר אַזאַ פרייען לעבן,
זיין זאָרגלאָז און פריי ווי אַ טויב;
זיך אויפהייבן, פליען — ניט פויזן און קניען,
ניט טראַמפּלען זיך אויף וועגן מיט שטויב.

אַוועק פליען ווייט פון טעגלעכן שטרייט,
פון פוסטע און נאַרישע באַגערן;
פון שפּאָטישן לאַכן און חוזק-פון-אַלץ מאַכן
אַוועק — איך זאָל דאָס ניט הערן.

עס יאָגן מאַשינען פון פריסטן באַגינען
און שטערן די טויבן זייער רו;
ראַשן און לויפן אויף גאַסן און הויפן —
וואָס יאָגט איר, וואו לויפט איר, אַ וואו?

מענטשעלעך קליינע, איר ברואים אַזוינע —
ווערים אין מענטשן-געשטאַלט.
דאָרט קראַכן קאַנאָנען, און איר זוכט מיליאָנען,
איר יאָגט און איר לויפט ביז איר פאַלט.

רק האָווען און יאָגן, צו שטאָפּן דעם מאָגן —
איז דאָס דען דער מענטש און זיין ציל?
ניטאָ דען אין לעבן קיין העכערעס שטרעבן
ווי זעטיקן דעם גרעבסטן געפיל?

וואָס וואָלט איך ניט געבן פאַר איין שעה צו לעבן,
זיין זאָרגלאָז און פריי ווי אַ טויב;
אַוועקפליען ווייט פון זינלאָזן שטרייט,
פון גזלה, חניפה און רויב.

# קאַליפאָרניער בערג

קאַליפאָרניע! פאַנטאַסטיש כישוף־לאַנד!
דיינע בערג זיינען דער גרעסטער וואונדער;
אויף דיינע טאָלן ביי די בערג'ס גרינעם ראַנד,
איז אַ טיפע וועלט — גאָר פאַר זיך באזונדער.

בערג ווי וועכטער אויסגעשטרעקטע שטייען,
צונויפגעגאָסענע אין איין לאַנגער אייזערנער קייט;
זיי רייסן זיך צו וואָלקנס, שפּאַנען העכער און גייען,
צו די טויערן פון די הימלען — זיי עפענען — זיי זיינען גרייט.

גרויס, צעשפּרייט, צעוואָקסן גאָר אָן אימה,
עס קיניגן די בערג איבער דער ערד אַליין;
זיי לעבן אייביק, פאַרגליווערטע, געהיימע,
קיינער קען זייער סוד פון לעבן ניט פאַרשטיין.

די זון, זי קאָכט און באַקט דעם ערדישן וואָגן,
די בערג פאַר'עקשנ'טע ווילן זי דערגרייכן;
עס שיקט די זון אירע שפּיזן־שטראַלן ווי זי וואָלט זאָגן:
איך שיק אויף אייך פייערן און שטיקנדיקע רויכן!

די טאָלן זיינען קליין און אונטערטעניק צו די האַרן,
מאַכטלאָז ליגן זיי אונטער די מעכטיקע פיס;
און ווען די בערג צעהוליען זיך און צעשפּארן,
איז וואַרפן שטיינער הייסע — זייער קאַפּריז . . .

אייביק, אייביק שטייען זיי די ריזן־בערג, אין זיך איינגעשלאָסן,
אָ, וויפיל דורות האָבן זיי שוין איבערגעלעבט:
די וועלט געשטורעמט האָט, אין מלחמות פיל בלוט פאַרגאָסן,
אָ, וויפל פייערן עס האָבן פאַרביי זיי שוין געשוועבט!

בערג איר מעכטיקע, אייביק שטייט איר דאָ אין שווייגן,
פון בראשית אָן ציט זיך אייער שטאַם;
איצט אָבער קען דער מענטש אייער גבורה איבערשטייגן,
און צעברעקלען אייך אפילו מיט אַ פייער־פלאַם!

ווייל אומנוצלעך זייט איר פֿאַר די נייע צייטן,
איר ריזן־פֿאַרגליווערטע, איר גיט דער וועלט ניט קיין גליק:
אייער מגושם׳דיקע גרויסקייט שפּאַרט פֿון אַלע זייטן,
פֿאַר׳ן אויג זייט איר ניט מער ווי נאַטור׳ס אַן אַנטיק!

קיינמאָל וועט איר די הימלען ניט פֿאַרשטעלן
איר קענט דאָך ניט דערגרייכן גאָט מיט דער האַנט;
ס׳איז דאָ עפּעס גרעסערס אויך אייך צו באַפֿעלן,
צווישן ערד און הימעל עס שטייט תמיד אַ מיסטישע וואַנט!

קאַליפֿאָרניע! דיינע בערג זיינען סימבאָלן נאָר, אַ צייכן,
אַז אַלץ אַרום אונדז איז נישטיק, קליין אין מאָס;
אַז קיינער, קיינער קען דעם הימעל־שפּיץ ניט דערגרייכן,
ס׳איז ניט קיין ענטפֿער ווען, און וואו, און פֿאַרוואָס . . .

# צווישן בערג

צווישן בערג, גרינע טאָלן, און פעלדער ווייט,
גראָזן, בלומען צווישן בוים און בוים,
ציט זיך אַ שמאָלער זיג־זאַג וועג,
ביים ים פּאַסיפיק׳ס צויבערדיקן זוים.

ס׳שיינט די זון איבער׳ן זילבערנעם ים,
שטראַלן טוקן זיך אין פלאַכן פלוס;
מילאַסן פינטעלעך גילדערנע שפרינגען אום,
אין שוימיק זילבערענם גוס.

דורכזיכטיק בלוי איז דער הימל דאָ,
ניטאָ קיין וואָלקנדל אויף האָריזאָנט דאָרט אויבן;
קייטן בערג אויף שטרעקעס ציען זיך און ציען,
מיט אויסגעבויטע פּרעכטיקע פּאַלאַצן פון אויבן.

עס גלעטן און וואַרעמען די זוניקע טעג,
אויך די שטערנדיקע נעכט קילן און דערפרישן;
עס וואַקסט און עס בליט און אַלץ — פאַר׳ן מענטשן,
אויף אַלעם גרייטן קומט דער מענטש די נאַטור באַגריסן.

דער מאָרגן שיילט זיך אויס פון הינטער די בערג,
עס איז די גרינע ערד מיט טוי באַדעקט;
עס ציען די פייגל פון זייערע נעסטן אומעטום,
נאָך נאַכטיקער רו, אין פרימאָרגן זיך געוועקט.

די פייגל פליען איצט פון איין בוים צום צווייטן,
באגילדט פון דער זון ווערן די גאַסן;
עס גייען מענטשן און פארן אין צעפלאַטערטן זומער,
אַלץ איז אין פרייד און אין שלום געשלאָסן.

קומט דער אָוונט, איז אויפן לויטערן הימל צעשפּרייט,
פינקלדיקע אָנצאָליקע גאָלדענע שטערן;
די לבנה באַווייסט די שפּיציקע בערג,
אויך דער ים צו איר טוט ביינאַכט געהערן.

אַ שטילקייט הערשט, אין נאַכטיקן דרימל,
פון אייגענעם האַרץ מען הערט דאָס קלאַפּן,
אַ מילדער ווינט ברענגט קוויקנדיקע ריחות,
ווי אַ היילונג אין זיך איינצוזאַפּן.

אויב גן־עדן — זאָל עס זיין פאַר אַלע!
זאָל דערפון געניסן דער אונטערדריקטער אויך!
בערג און ימ'ען, די גאָרע שיינקייט פון דער וועלט —
פאַר אַלעמען גלייך! אין טאָל צי אין דער הויך . . .

## סיעררא מאדרע

סיעררא מאדרע, סיעררא מאדרע שיינע,
ביים באַרג אַ פאַר׳חלומ׳טע דו שטייסט;
איינגעהילט אין אַ טיף-גרינעם מאַנטעל
מיט צניעות׳דיקע אויגן אונדז דו באַגלייטסט.

איך בין אַן עדות פון דיינע וואונדער,
באַנעם מיט שטוינונג דיין שטילע פראַכט.
בייטאָג די וואַרימקייט פון אַ גלוטיקער זון,
און אַ גן-עדן-קילקייט ביי דער נאַכט.

די אייביק גרינע גיגאַנטן-ביימער,
די צווייגן מיט איבערגלייגטע הענט,
די פיל פאַרביקע בלומען-בייטן
איינגעזוימט אין בלויע הימל-ווענט.

דיינע שטילע געטלעכע פרימאָרגנס,
פון נאַטור׳ס מוזיק די הערלעכע קלאַנגען,
ווען ברואים׳לעכ׳ס ברומען און פייגעלעכ׳ס פלאַפלען
גיסן צונויף זיך אין שירה-געזאַנגען.

שטאָלץ שטייט דער באַרג, הויך און מעכטיק,
דעם הימל שפאַרט ער אונטער מיט זיין קאָפ;
פון זיין הויך ער קיניגט איבער סיעררא׳ס אוצרות,
און קוקט מיט גאוה אויף דער וועלט אראָפ.

אַ זיג-זאַג וועג זיך ציט צום שפיץ דעם הויכן,
נאָר שווער איז צו צוקומען צום רעכטן אויבן;
קלעטערן, קלעטערן מענטשן אַרויף דאָרט,
נאָר צום הימל זיי קענען זיך ניט דערהייבן.

ווער קען אָפשאַצן די קאָלאָסאַלע שיינקייט
פון באַרג, די אויסגעשניצטע טאָלן
באַדעקט, באַזעצט מיט בונטע שטיבלעך
וואָס קיין מאַלער׳ס האַנט קען ניט אָפמאָלן?

ווער קען באַזינגען די האַרמאָנישע שטילקייט
ווען מענטש ווערט איינס מיט דעם אַרום
ווען חושים צאַפּלען זיך און זינגען
אַ לויב צו גאָט ציטערדיק און פרום.

ס׳קען קיין פּען פון די נאַכט ניט באַשרייבן
דעם בלויען הימל, די לבנה און די שטערן,
דאָס זשוזשען פון בלעטער, זאַנגען און גראָזן,
דאָס זשומען פון פליגעלעך וואָס וועקן באַגערן.

סיעררא מאדרע, סיעררא מאדרע שיינע,
זען דיך געוואָלט האָב איך שוין לאַנג;
פון דיין זונענשיין צו זיין געוואַרעמט,
צו אָטעמען דיין לופט — פון ווען אָן מיין פאַרלאַנג.

# אַ ווינטעלע

בלאָז און גלעט מיך מילדער ווינטל,
ווי גוט איך פיל דיין איידעלן באַריר;
ביסט ווי סאַמעט ווייך, קיין קנייטש, קיין פינטל,
מיין געמוט איז גרויס געצערטעלט זיין פון דיר . . .

מיט האַלב-פאַרמאַכטע מידע אויגן,
איך גיב זיך אָפּ דיין ליבן פאַרלאַנג;
ווי אין חלום זיסן. הויך, הויך פאַרפלויגן,
אַ גוטער מלאך טראָגט מיך מיט געזאַנג.

נאָר מיט געוואַלד הייסע זון-שטראַלן זיך רייסן,
און שטערן דעם פרימאָרגן, דעם רואיקן שטילן;
זיי שפּילן זיך מיט די כוואַליעס אויף צו פלייסן,
און צעשפּרייטן זיך אין דעם ים זיך אָפּצוקילן . . .

דאָס ווינטל בלאָזט אַלץ שטאַרקער, שנעלער,
די הייסע שטראַלן ווייט אַוועקצויאָגן;
די זון אָבער רוקט זיך און ווערט אַלץ העלער,
זון און ווינט זיך ראַנגלען, שטום, אָן ווערטער זאָגן . . .

און איך, אינמיטן דעם וואונדערלעכן נאַטור-שפּיל,
פון זון די ברענענדיקע אין ווינטיקן געדריי,
ליג ביים ים-ברעג, האָרך און פיל,
מיין אייגן האַרץ קלאַפּן — איינס און צוויי.

די פּאַלמען-ביימער זיי וויגן זיך ביים זוים פון ים,
מיינע חושים ווערן נאָכגעביק, ווייך און לויז;
די כוואַליעס קלאַפּן אין ריטם ווי צום גראַם,
אַ מקום-קדוש איז דער ברעג, אַ הייליק הויז . . .

# ב ר ו ד ע ר - ל י ב ע

ס׳פליען פייגל איבער ערד און ים,
אין מחנות הויך זיי אַלע פּאַראַדירן;
פריילעך שרייען זיי און זינגען צו צום גראַם,
מיט זייערע פליגלען זיי די וועלט רעגירן.

כ׳וואָלט וועלן פאַרשטיין זייער שפּראַך
וואָס זיי רעדן און וואָס זיי זאָגן;
אפשר מיינען זיי גאָר אַ סך,
נאָר דעם סוד, זיי אַליין פאַרמאָגן . . .

זיי קיניגן אין דעם שטח גרויסן,
אפשר דעם סוד פון אַ נייער וועלט זיי ווייסן,
פליען פריילעך שטאָלץ אין דער בלויער הויך,
פאַר אַלץ וואָס לעבט און פאַר אונדז שוין אויך . . .

זיי לאָזן זיך אויף דער ערד אַרונטער,
ברענגען דעם מענטש, אַן אָנזאָג, אַ צייכן,
מיט די פליגלעך זיי קלאַפּן, און רעדן מונטער,
אַז אַ נייע וועלט מיר וועלן נאָך דערגרייכן . . .

מענטש, שרעק זיך ניט! הייב אויף דיין קאָפּ,
ס׳קומען גליקלעכע און נייע צייטן.
קוק ניט צו דער ערד אַראָפּ,
די זון וועט שיינען פון אַלע זייטן.

פאַראייניקט זיך נאָר, אין אייביקער ברודער־ליבע,
שטעלט צוזאַמען זיך אין אַ בונד אַ נייע.
פאַרטרייבט דעם קריג, פון קאַמפן די סיבה,
די וועלט מוז ווערן, אַ ליכטיקע, אַ פרייע.

לאָזט זיך ניט צו דער עקדה בינדן,
פאַרשטויסט די האַנט וואָס צווינגט אייך זיך צו בוקן,
פון די קרומע קעפּ, וואָס רייצן און פייער צינדן,
אומצוברענגען אייך און די גאַנצע וועלט פאַרצוקען.

לאָדט ניט אָן, מיט מיליאָנען בלייאיקע פונטן,
דעם קורצן שפּאַן דעם איילינקן פון אייער לעבן,
זינקט ניט אין יענע טיף־שוואַרצע גרונטן,
וואו פוסט, ערדיש איז דאָס שטרעבן . . .

ווען פינצטערניש באַהערשט דעם ווילן,
און געוועלטיקט אינעם מענטשנס געהירן,
פאַרציט די אויגן מיט שוואַרצע ברילן,
און הייסט אונדז שפּאַנען און מאַרשירן . . .

ניט שאַפט קיין אַטאָמישע טויטן־שטראַלן,
זאָל דער מלאך־המות — דאָך שוין מער ניט קומען!
קיין מענטש אין קריג טאָר מער ניט פאַלן,
די חכמה, דאָס וויסן באַהערשן זאָל און באַנעמען . . .

מענטשן פריי זאָלן אָטעמען און געניסן,
ווי די פייגל שוועבן זאָל דער גייסט, ווייט און ברייט,
און אין בונד פון ברודער־ליבע, אין ריינעם געוויסן,
פרייד און געלעכטער אויף דער וועלט זאָל ווערן פאַרשפּרייט.

די ערד — אַ הייליקע גראַמע היים זאָל ווערן,
אין פינצטערניש תהום — אַריינדרינגען זאָל זונען־שיין,
די מוחות די מענטשלעכע, קלערן זאָלן, אויפקלערן
ווי צו לעבן, און שאַפן לעבן, און אייביק פריי צו זיין.

## צו חוה׳ן

רונד ווי די זון איז דיין פּנים דער שיינער,
ליכטיק און פריש ווי אַ פרילינג מאָרגן;
אין דיינע מילדע אויגן געפינט יעדער איינער
שלוה און רו, און פאַרגעסט אַלע זאָרגן.

קלאָר, דורכזיכטיק זיינען דיינע אויגן,
ווי ריינע שטילע טייכלעך זיי פליסן;
דאָס מויל אַזוי שיין, קינסטלעריש געבויגן,
מוזיקאַלישע ווערטער אין קלאַנגען זיך גיסן.

דיין שטראַלנדיקער שמייכל, באַגליקט און וואַרעמט.
ס׳פילט זיך אַזוי גוט פון דיינע הענט אַ באַריר;
גליקלעך פילט זיך יעדער פון דיר צו ווערן געוואַרעמט,
אין סביבה דיינער זיין, נאָענט נעבן דיר.

גלייך, גראַציעז איז דיין שיינער געשטאַלט,
זיכער דיין גאַנג, דיין טראָט און דיין שטעל;
דיין וואַרעמע נשמה דורך דיר אַרויס שטראַלט
ווי אין תמוז די זון — וואַרעם און העל.

איך בענטש די רגע וואָס האָט מיר געגעבן
די זכיה צו קענען דיך, און זיין מיט דיר היינט;
אך! וויפיל פריידן און גליק דו קענסט געבן —
ווי אַ פרוי, אַ מאַמע, ווי אַ מענטשן־פריינט.

# אפשר איז אַ שטראָף . . .

אפשר איז אַ שטראָף צו קענען אַזוי ליבן?
צי אַפשר איז א גליק גאָר צו זיין ווי איך בין?
ווי פון אַ כישוף ווער איך געטריבן,
צו זיין אין דיינע אָרעמס, אָן רעכענונג, אָן זין . . .

אין שטענדיקן דראַנג פון ליבע־כּוס צו טרינקען,
מיין ווייטיק צו פאַרגעסן, מיין אויסגעבענקטן טרוים;
איך ראַנגל זיך אין אָפּגרונט ניט צו זינקען,
קליינע טראָפּנס טרינק איך, ריר נאָר אָן דעם שוים. . .

יאָ, נאָר אַ טראָפּן בלויז פון שטאַרקן ווײַן פון ליבע,
ניכטער בלייב איך אין באַרוישטער מינוט;
ס׳פליען רגע׳ס צער׳פולע און טריבע,
מיין שטורעמדיקע נשמה איינגעשטילט ווערט און באַרוט.

פאַר׳כישוף׳ט, באַרוישט איך ווער פון ווײַן געגאַרטן,
פאַר׳חלום׳ט טראַג איך זיך צו די הימלען הויך;
איך שוועב צווישן וואָלקנס ווייך און צאַרט
איך צי זיך צו אַ וועלט פאַרטשאַדעט ווי פון רויך.

און אָט מיינע אויגן זען אַ פּנים בלאַס, דערשראָקן,
מיין געליבטער ווי אַ יינגל, ער שטייט פאַרשעמט;
עס בלאַנדזשען מיינע הענט אין זיינע גערדיכטע לאָקן,
כ׳פיל זיין הייסן אָטעם אין מיין האַרצן פאַרקלעמט.

טיף און שווער איז זיין אָטעם פון פלאַמענדיקע געפילן,
דאָך וואַגן וואַגט ער ניט צו צערטלען מיך היים;
מיין האַרץ עס רייסט זיך זיין ליבע־הונגער צו שטילן,
צו קושן זיינע ליפּן, זיינע טרערן, זיין שוויים.

שטיל, אומבאַוועגט זיינען ביימער, צווייגן, בלעטער,
ס׳כאַפּט די לבנה דורך צווייגן אַ בליק;
איך בענטש און דאַנק פון ליבע די געטער
פאַר שענקען די ליבע וואָס גיט אַזוי פיל גליק.

כ׳הער זיין ברומען, דאָס זינגט ער פאַר מיר לידער,
מיין האַרץ צעגייט פון תענוג פון זיין צויבער־טאָן;
אַ ווינטל בלאָזט, דערקוויקט אונדזערע באַרוישטע גלידער,
עס טאָגט דער דרויסן שוין, און ערגעץ קרייט אַ האָן.

ס׳איז שווער, אָ שווער, די רגע פון צעשיידונג,
אַוועק פון ליבע־נעסט מיר מוזן באַלד;
דער וואַלד טוט אוים פון נאַכט זיין קליידונג
מיר וואַכן אויף אין מאָרגן־שיין, אין וואַלד,

פאַרשוואונדן די גליקלעכע רגע׳ס, אין ווילדע געיעגן,
צייט לויפט און לויפט אין בליציקן גאַלאָפּ;
פונאַנדערגיין מיר מוזן זיך אויף באַזונדערע וועגן,
מיין געליבטער האַלט מיין האַנט און לאָזט מיך ניט אָפּ . . .

## לאָז קושן דיך . . .

לאָז, אָ לאָז, קושן דיך,
אין דיין מויל דעם זיסן;
אונטער דעם בלויען הימל —
קיינער וועט ניט וויסן . . .

כ'שוווער דיר, קיינער וועט ניט זען,
קיין לעבעדיקע נשמה;
בלויז איך און דו, דו און איך,
אוי, מיין שיינע, מיין נחמה!

אָט דאָ אונטערן גרינעם בוים,
אינע'ם געדיכטן שאָטן,
פאַרגעס מיין קינד וואָס מען מעג,
און וואָס עס איז פאַרבאָטן . . .

דיינע כישוף'דיקע אויגן צוויי,
טיפער זיינען פון די ימ'ען;
אַ וועלט אַ גאַנצע אַנטפּלעקן זיי,
אַ וועלט פון צויבער־פלאַמען . . .

האָסט פאַר'כישופ'ט מיך, פאַרבלענדט,
דורך דיינע ברעמען שטראַלט מיין בליק,
זיין דיין שקלאַף, איז גן־עדן לעבן,
ביי דיר געפאַנגען איז מיין גליק . . .

זאָג זשע יאָ, מיין שיינע מיידל,
מיין נשמה לעכצט נאָך דיר;
דיין גאַנצעס וועזן איז רייצנדיק־זיידל
פון הימל ביסטו געשיקט צו מיר . . .

אָט דאָ, אונטערן גרינעם בוים,
אין שיינעם גאָרטן אין דעם שטילן;
איז דאָס אַן אמת, צי בלויז אַ טרוים,
דאָס גליק, דאָס גליק — מירביידע פילן . . .

# דער טעלעפאָן

עס רייסט דורך די שטילקייט אַ שאַרפער רינג,
עס גיט דער טעלעפאָן אַ קלינג, נאָך אַ קלינג.

איך נעם דאָס טרייבל אין דער האַנט,
און שפּאַר מיך אָן אָן קאַלטער וואַנט.

כ׳הער אַ שטימע צאַרט און ווייך —
ווי אַ געבעט צום הימל הויך.

זי רייסט אין האַרצן זיך אַריין,
געוואָלט זי וואָלט דאָרט אייביק זיין.

— מיין היים איז אין האַרצן דיינעם דאָרט.
הייליק, טייער, איז מיר דאָרט דאָס אָרט.

מיט דיר, מיט דיר, איך פיל זיך גוט —
איך וויל געבערט זיין מיט דיין בלוט,

די שטימע גיסט זיך צערטלעך רונד,
און ס׳שליסן זיך הערצער אין אַ בונד.

דורך קאַלטע רערן צוויי הערצער פלאַמען,
צאַפּלען, ציען זיך צוזאַמען.

דאַן קומען ווערטער צאַרטער, ווייכער,
דאָס פּנים דאָרטן — דוכט זיך — בלייכער.

די שטימע דורכן דראָט זיך ציט צוריק —
אין האָפענונג אויף אַ קווינטל גליק.

כ׳בלייב שטיין אַזוי מיטן טרייבל אין האַנט,
אָנגעשפּאַרט אָן דער קאַלטער וואַנט.

איך האָף צו הערן אַ וואָרט נאָך מער —
נאָר קומען קומט אַ הייסע טרער.

# שפּאַצירט האָבן מיר . . .

שפּאַצירט האָב איך מיט מיין געליבטן
אין אַ צויבער שיינער נאַכט;
בלויער הימל, העלע שטערן,
האָבן איבער אונדז געוואַכט.

פליסט אַ טייכל אין אַ וועלדל,
אין דער מיט אַ שמאָלער בריק;
כ׳גיי און וויג זיך ווי פאַר׳שכור׳ט,
פון נאַטור און ליבע־גליק.

דער לבנה׳ס בלאַסע שטראַלן
באַלויכטן האָבן אין וואַלד דעם וועג;
גליקלעך זיינען מיר געוועזן,
ביידע גליקלעך — אָן אַ ברעג.

און מיין ליבער זינגט מיר לידער
און ער קוקט אַזוי אויף מיר.
מיר דוכט עס טאַנצן זיינע אויגן
ווי פינגער איבערן קלאַוויר.

ס׳טאַנצן טענער אין דער לופטן,
ניטאָ קיין ליידן, און ניט קיין פּיין;
ליבע, גליק, געניס, טוט דופטן:
„דו ועסט אייביק מיינע זיין".

אייביק, אייביק, כ׳וועל דיך ליבן,
ווייל די וועגן דיינע בליען;
ווען איך מיט דיר בין, דעמאָלט הער איך
וואונדער שיינע מעלאָדיען.

דו פאַרווירקליכסט מיינע טרוימען —
רייכער, שענער, ווערט מיין דענקען.
זיי מיט מיר, געליבטער, שטענדיק —
וואָרום אָן דיר כ׳גיי אוים פון בענקען.

ווי פאַר׳שכור׳ט שטייט דאָס וועלדל,
שטומע בוימער האַלטן סודות;
הימל, שטערן, און לבנה,
איר זייט גוטע, ליבע עדות.

# אין די שטילע שעה'ן

אין די שטילע אָוונט שעה'ן
נאָר איך טרוים, און טרוים, פון דיר;
אוי, וואו ביסטו, ליבסטע מיינע?
קום, באַווייז זיך שוין פאַר מיר.

ס'בענקט דאָס האַרץ, און מיינע אויגן
נאָר זיי זוכן דיך אַרום;
אוי, וואו ביסטו, ליבסטע מיינע,
קום צו מיר, שוין גיכער, קום.

אַזוי פיל יאָרן אַז איך חלום
נאָר פון דיר — מיין גרויסער גליק;
מיר איז טונקל, קום מאַך ליכטיק
מיט דיין האַרציק־ליבן בליק.

און אין דיינע הימלישע אויגן
כ'וועל געפינען גליק און רו;
קום צו מיר, מיין גוטער מלאך,
קום זשע גיכער, אייל זיך צו.

דו נאָר קענסט מיך גליקלעך מאַכן,
אָן דיר מיין לעבן איז געוועגדט;
לאָז מיך קושן דיינע ליפּן,
שטרעק אוים צו מיר די קליינע הענט.

מיט דיין קינדערש זיסן שמייכל
פון מיין חלום מאַך אַ וואָר;
אין די שטילע אָוועגט שעה'ן
לאָמיך טרינקען פון גליק ביז גאָר.

פאַרוואַנדעלט וועדט דיין שטומע שטילקייט
אין אַ הערלעכער מוזיק;
און ווען איך הער דיך ליבסטע, ריידן —
ווער איך פאַר'שכור'ט אַזש פון גליק.

כ'זע מיין וועלט אין דיינע אויגן,
דו ביסט מיין ציל און מיין פאַרלאַנג;
האַלטן דיך אין מיינע אָרעמס
וואָלט איך מיין גאַנצען לעבן לאַנג.

# שיין איז דער ים

שיין איז דער ים ווען ביי טאָג ער צעשפּילט זיינע וועלן
אין שיין פון גאָלדענער זון.
שיין איז ער ביים זון-פאַרגיין: רויטע קרעלן
פאַלן אין אָפּגרונט, און ס'ווערט גאָר נישט דערפון.

שיין איז דער ים ווען מיד ער ווערט פון טאָגיקן רוישן,
ווען שטיין ער בלייבט פון קאָכן און זידן;
רואיק ווערט דאַן אין אַרומיקן דרויסן,
שטיל יעדעס זעמדעלע שלאָפט איין, צופרידן.

דער שטורם שטאַרבט אָפּ, ווינטן ווערן שטילער,
עס קלייבט דער ים זיך אויף ביינאַכטיקער רו.
דער אומדערמידלעכער שטורמער ווערט געלאַסענער, קילער,
און פאַלט אין אַ דרימל וואָס נאַכט שיקט אים צו.

אין זילבערנער ווייסקייט באַלד צעגיסט זיך די לבנה,
אַ בלייכע, אַ צאַרטע, צנועה'דיק שלייכט זי איבערן ים.
שטערן גאָלדענע שפּרינגען קדיש מיט כונה,
טאַנצן אום אין בלויען הימל אין ריטמישן גראַם.

עס בלאָזט אַ זאַנפטיק-זיסער ווינטל,
מורמלט מיר סודות'דיק אַ ליבע געזאַנג.
אַ שטערן, ווי אַ געליבטער, מיטן אויג טוט אַ פינטל,
און וועקט אין מיר אויף צו גענום אַ פאַרלאַנג.

צוויי הערצער אין טאַקט הייבן אָן צו שלאָגן;
חושים וואַכיק פילן, מאַנען נאָענטקייט, באַריר;
ליפּן באַוועגן זיך, שעפּטשן און זאָגן,
גיסן אוים אַ נשמה-בענקונג אין הייליקן שיר.

ווען ליבשאַפט-גערעג דערגרייכט ביזן היכל,
און שטערנדיקער הימל ווי אַ חופּה שטייט גרייט —
דאַן ווינקט צו די לבנה מיט איר בלאַס-צאַרטן שמייכל,
און פאַרקניפּטביידע הערצער ניט צו ווערן צעשיידט.

אויגן בלאָנדזשען אין דעם געהילטן הימל בלאָ,
דאָס האַרץ ווי די לבנה איז פול און באַגליקט;
באַפוילן פון הימלען דאָס מויל קושט „נאַר דו, נאָר דו",
אַ געטלעכע גאַנצקייט פאַר'שיכור'ט און פאַרוויגט.

צייט גייט איר אייביקן גאַנג און טראָט.
מיט אימפּעט ברענענדיק שיילט זיך אוים די זון,
דער ים שטורעמט ווידער, ווייזט די גבורה וואָס ער האָט,
גרויע וואָר פאַרשלינגט דעם חלום, און ס'ווערט גאָרנישט דערפון.

## ס י ־ ג י י ט

אַ גאָרטן איז סי־גייט, אַ פּראַכטפולער אָרט,
בוימער און בלומען פון יעדען סאָרט.
אַ צויבער פאַר יעדן, די רייכע קאָלירן,
די הייזלעך, די גאַסן, אַלץ טוט האַרמאָנירן.

די זון, זי באַהעלט אַלץ מיט גאָלדענעם פלאַם,
די שטראַלן שפּאַצירן מאַיעסטעטיש אין ים,
שטיפעריש ברומען די כוואַליעס אויס לידער,
ווינטעלעך בלאָזן און היילן די גלידער.

אין סי־גייט דער ים איז ווי אַ פאַרליבטער,
ער קאָכט ניט און וואַרפט ניט, דאָך אַלעמען באַזיגט ער;
ער צערטלט, ער גלעט און ער וואַרעמט,
און קושט אַזוי מילד, אַזוי ליבליך געאַרעמט.

די גלידער דערוואַרעמט פון זוניגע פלאַמען,
באַהעפטן זיך פריידיק מיט ים־פרייד צוזאַמען.
מיט האַרץ און נשמה זיך איבערגעגעבן,
צום מיסטישן ים־פלוס און שפרודעלדיג לעבן.

ס׳פאַרגייט די זון און ס׳שפּאַצירט די לבנה . . .
די שטערן אין הימל, אַ געטליכע מתנה!
דער הימל דער קלאָרער באַזילבערט די גאַסן,
מענטשן שפּאַצירן פריילעכע און שפּאסן.

סי־גייט שלאָפט ניט, די לאָמפּן געצונדן,
וואַכיקע מענטשן אין גרופּן פאַרבונדן;
עס ברויזט און עס רופט אַ פאַרלאַנג צו געניסן —
דאָס האַרץ און נשמה וויל פון צוימען ניט וויסן.

פון נאָענט און פון וויטן עס ציען זיך געסט
צו געניסן און שעפּן פון דיכטערישן נעסט:
פון שרייבער, פּאָעטן, מאָלער, אַקטיאָרן,
די קינסטלערישע מוזע לעבט דאָ פאַר יאָרן.

און פאָרלעך שפּאַצירן צו דער מוזיק פונם ים,
פאַרטיפט אין געדאַנקען פון שפּיל און פון גראַם.
מיט אַלערליי מחשבות די קינסטלערישע קעפּ —
די פרויען זיך חנ׳דלען מיט פריזירן און צעפּ.

אויך בוימער און בלומען זיי שלאָפן ניט איין,
אין נאַכט-טוך זיי שטייען פאַר׳שיכור׳ט ווי פון וויין;
ס׳וואַכט די לבנה איבער אַ פאַרליבטע פּאָר,
ווערט העלער פון נחת אַזוי יאָר נאָך יאָר.

סי-גייט איז אַ גן עדן פילפאַרביק און רייך,
עס ליבט און עס טוליעט יעדערן גלייך.
עס דאַכט זיך, די כוואַליעס, זיי זינגען אוים לידער,
וואָס בעטן און וועקן צו קומען דאָ ווידער!

# אין אַ שטערנלאָזער נאַכט

דער טאָג פאַרגייט, און באַלד קומט נאַכט;
עס ליגט דער ים ביים ברעג פאַרטראַכט.

ס'איז גוט צו זיין מיט ים אַליין,
פריי פון מענטשן, זינדלאָז, ריין.

רואיק כ'ליג ביים ברעג פון ים;
איך הער אַ וויג-ליד קלאַפּט צום גראַם.

די זון זי ברענט ניט, ס'איז ניט היים,
כאָטש זי שיינט אין גאָרער גרוים.

אין שלוה ליג איך, הענט צעשפּרייט;
דער ים און איך — זאַלבעצווייט.

אָוונט. פון הינטער וואָלקנס די שטערן
טוקען זיך, פינטלען, און ניט ווערן.

געדיכטע וואָלקנס, גרויע, שווערע,
אַ געראַנגל אין דער ספערע.

דער ים ווערט פינצטער טויטלעך-שטיל;
איך ברום אַ ליד מיר און איך פיל —

איך און ים — ים און איך,
ריידן סודות צווישן זיך.

סאיז קיינער, קיינער דאָ נישטאָ,
געבענטשט עס איז די שטילע שעה.

עס רוימט דער ים מיר איין אַ סוד.
אויף מיר עס פאַלט איצט גאָט'ס גענאָד.

ווען טומל שטאַרבט ,דאַן שטילקייט לעבט,
די קעניגין נאַכט איר חלום וועבט.

## מיין ערשטע רייזע צו די בערג

אַ הייסער זומער טאָג,
היים — און דאָך ווי שיין,
די באַן טראָגט מיך דורך בערג;
ס'ליגט אויף אַלץ גאָט'ס חן.

די בערג לופט שטראָמט אַריין,
די באַן, זי אײַלט געשווינד;
לאַשטשענדיק און צערטלענדיק
בלאָזט אַריין דער ווינט.

וואָס ווייטער דורך די בערג,
וואָס נענטער ס'ווערט דאָס גליק —
מיט ווײי און מיט באַדויערן
כ'קוק דעם וועג צוריק.

וואו אין שטאָט עס בלייבן
שמאַכטן פרוי און קינד;
כ'הייב דאַן אָן צו פילן,
ווי מיין פרייד פאַרשווינדט.

# אַ ב ר י ו ו

איך בין אין קאָונטרי, ליבער ברודער,
כ'הער ניט מער דער שטאָט'ס גערודער,
כ'זע דאָ בערג, און גראָז און זאַנגען,
כ'הער דעם פויגל'ס זיסע קלאַנגען.

כ'האָב ניט מער די שטאָט-פאַרלאַנגען,
די נאַטור האָט מיך געפאַנגען.
און אַזוי קומט אָן דער מאָרגן,
אָן שום דאגות, אָן שום זאָרגן.

אָ, ווי שיין די גרינע פעלדער,
און ווי הערלעך דאָ די די וועלדער!
און די זון מיט אירע שטראַלן,
באָדן זיך אין ריינע קוואַלן.

און די גראָזן, און די זאַנגען
וועקן שענערע פאַרלאַנגען;
נאָר זיי סוד'ען זיך און ריידן
פון אַ לעבן —אַ גן-עדן.

קום צופאָרן, ליבער ברודער,
לאָז דאָרט איבער דעם גערודער;
ניט די אַרבעט איז דער עיקר,
קום און ווער פון גליק דאָ שכור.

אויף דער לאָנקע, אויף די גראָזן,
מיידלעך שיינע, ווי די ראָזען,
וועלן דיר אַנטקעגן קומען,
מיט באַגייסטערונג און בלומען.

אָט די לוסטיקע, די פרייע,
אָט די גוטע, די געטרייע,
שטענדיק זיינען זיי אינאיינעם,
און זיי טרוימען פון אַן „איינעם".

און זיי טאַנצן, און זיי זינגען:
„קומט אַהער איר שיינע יונגען!
קומט פאַרברענגען, קומט געניסן,
פון דעם לעבן, פון דעם זיסן"!

קום צו פאָרן, ליבער ברודער,
לאָז דאָרט איבער דעם גערודער.
דו וועסט טרעפן זיי דאָ אַלע —
אפשר אויך — פאַר דיר אַ כלה.

# אַן עלנט שטיבל

ערגעץ אויף אַ גרינער לאָנקע,
דאָרט טאָג אין שטילקייט איז פאַרהילט;
עס וואַרעמט ניט די זון דאָרט קיינעם,
נאָר דער ווינט מיט די צווייגן זיך שפּילט.

שטייט זיך דאָרט אַ שטיבעלע אַ קליינס
נאָענט צו דעם וואַלדיקן זוים,
מיט ווילדגראָז און פלאַנצן באַוואָקסן
אין שאָטן פון צוויג און בוים.

פאַרגליווערט פון לאַנגן שווייגן,
עלנד, אַליין, אין איינזאַמקייט פאַרשלאָסן;
ניט קיין וועג, און ניט קיין שטעג,
פון מענטשנ׳ס טריט פאַרלאָזן.

בלויז אויפן דעכל בלאָנדזשען פייגל,
שנאָרן, זוכן וואָס צו עסן;
ברומען אונטער אַן אומעטיק ניגון,
כדי דעם הונגער צו פאַרגעסן.

ס׳הערט זיך אַ טרעשטשען פון דאַרע שפּענער;
אַ פורל קומט צו פאָרן.
אויפן וואָגן זיצט אַ בחור,
שלאַנק — און יונג אין יאָרן.

טפּרו! שטעלט ער אָפּ דאָס פערדל.
זיין שטים איז הילכיק, פריילעך, מונטער;
און שנעל ,ווי אַ פייל פון בויגן,
פון וואָגן ער שפּרינגט אַרונטער.

אין שטוב ער עפנט טיר און פענצטער
מיט מוסקול־שטאַרקע הענט;
ער שפּאַנט אום הין, שפּאַנט צוריק,
עס קריגן לעבן די טויטע ווענט.

ליכטיק ווערט דאָס פּוסטע שטיבל,
פּילט זיך אָן מיט פרייד;
פריילעך איז דער שיינער בחור,
זינגט פון פייגעלעך באַגלייט.

קלאַנגען טראָגן זיך אַוועק אין דרויסן
איבער פעלדער אין וואַלד אַריין;
ס׳זינגען פייגל,ביימער, גראָזן,
אונטער גאָלדן זונענשיין.

ס׳ווערט אָנגעפּילט מיט לעבן
דאָס קליינע שטיבעלע, עס גלאַנצט;
דער וואַלד, די גרינע בלעטער,
אַלץ אַרום מיטן בחור טאַנצט.

אַך, דו מענטש! ווי גרויס עס איז דיין כח!
דיין גייסט, דיין ווילן, קענען אויפטאָן וואונדער,
דו דרינגסט אַריין אין די טיפסטע סודות,
גיסט לעבן, און נעמסט פון אַלץ באַזונדער.

## ס׳בענקט זיך נאָכן זומער

ס׳בענקט זיך זייער נאָכן זומער.
נאָך די שיינע, לויטערע טעג,
נאָך די פויגל׳שע געזאַנגען,
און גרינעם, גאַרטנדיקן וועג.

טעג, די וואַרעמע און לאַנגע,
פול מיט זון און פול מיט ליכט;
נאָך די ווינטעלעך די מילדע,
וואָס טוען גלעטן דאָס געזיכט.

ס׳בענקט זיך נאָך די בלויע הימלען,
לבנה נעכט מיט שטערן פיל,
ווען הערצער קלאַפּן שטיל און פריידיק,
פול מיט ליבע, און געפיל.

כ׳וויל אַנטלויפן פון דעם ווינטער,
פון דעם פראָסט און פון דעם ווינט,
ערגעץ צו אַ נייעם זומער —
שפּילן, שטיפן, ווי אַ קינד.

## דאָס האַרץ בענקט

דאָס האַרץ נאָר עס בענקט,
ווער קען מיך מיטפילן?
אַן אומעט־געדאַנק
הערט ניט אויף צו דרילן.

אַרום — מענטשן פול,
דאָך בין איך אַליין;
און ווער הערט זיך צו
צו מיין שטילן געוויין?

וואו נעמט מען אַ דאָקטאר
די וואונדן צו היילן?
וואו נעמט מען אַ מענטשן
מיט דיליידן זיך צו טיילן?

די מענטשן אַרום,
אַנטלויפן פון טרערן;
ווער וויל דען די ליידן
פון אַ צווייטן גאָר הערן?

## אויפ׳ן וועג קיין פלאָרידא

עס פרירט ניו יאָרק, די ווינטן בלאָזן,
כ׳וויל וואָס גיכער אַלץ פאַרלאָזן,
די ענגע, קאַלטע, האַרטע גאַסן,
די מענטשן מיט ליידענדע גרימאַסן.

אַנטלויפן וויל איך פון דעם אַלעם,
פון די רייכע, פון דעם דלות,
פון די סוחרים, שפּעקולאַנטן,
דאָקטוירים, לאָיערס, און אַקאַונטן.

אין מיאַמי וויל איך פאָרן,
דאָרט אויפסניי צו ווערן געבאָרן,
און געלייטערט דאָרט צו ווערן
פון די שטאָטישע באַגערן.

מיין באַן אַ שפּאָגל נייע
זי לויפט און פייפט — גאָר אַ מחיה;
ביים פענצטער שטיל בין איך געזעסן,
און שטאָטישן טומל אינגאַנצען פאַרגעסן.

מיאַמי איז אַ וועלט פון גאָט,
פול מיט שיינקייט, פול מיט סוד:
אַ גן עדן אונז האָט גאָט געגעבן,
רואיק, פרידלעך, דאָרט צו לעבן.

אין דער שטימונג אין דער נייער,
איך דערפיל זיך זאָרגלאָז, פרייער;
כ׳זע נאָר פעלדער, בלומען, זאַנגען,
הער דעם פויגעל׳ס ליבע־קלאַנגען.

און די באַן זי לויפט אַלץ גיכער,
ס׳זיצן מיידלעך — לייענען ביכער,
בחורים ווערן צו געצויגן —
באַגלייטן זיי מיט הונגער־אויגן.

פרויען האַלטן אין איין ריידן;
ערשט געדאַרפט פון מאַן זיך שיידן,
און דערווייל זיי וואַרפן בליקן
אַנדערע מענער צו דערקוויקן.

ס׳לויפן באַנען מיט וואַגאָנען,
פירן מענטשן פון אַלע נאַציאָנען;
אַ צאָל פון זיי נערוועזע יידן,
וואָס זיינען קיינמאָל ניט צופרידן.

און עס נעמט ניט זייער לאַנג,
ס׳ווערט אַ רעדל, אַ געדראַנג;
מ׳רעדט, מען טומלט און מען שרייט —
עס דוכט זיך: אָט ברעכט אוים אַ פייט.

מ׳רייסט זיך, מ׳היצט זיך, און מען קאָכט,
יעדער הייבט די הענט און פאָכט;
פון „הייזער״, „מאָרגעדזש״, „ריעל עסטייט״,
ווערט מען אויף דער באַן באַגלייט.

„ריעל עסטייט״, שרייט איינער, איז אַ געשעפט!
אַז גאָט העלפט, און אַז מען טרעפט,
געשפּעקולירט, געמאַכט דאָס געלט,
און געפייפט דאַן אויף דער וועלט״.

אַן אַנדער גרופּע רעדט פון „פּאָר״,
וויפיל מאַנטלען געמאַכט דעם יאָר.
איינער זאָגט: „איט וואָז נאַט בעד״
אַ צווייטער ענטפערט „גוט אין ד׳רערד!״

און מען קאָכט זיך, און מען רעדט,
פון פרויען־קליידער, שיך און העט,
פון „פּעריז סטייל״, פון וואָג און מאָס,
פון די אַרבעטער און באָס.

אין מיין וואַגאָן איז אַ יאַריד,
איך הער עס שרייט אַ פעטער איד:
„ווען ניט די יוניע, אַ בראָך צו איר!
איך וואָלט איצט געווען אַ גביר״.

פאַראַנען מענטשן פון אַלע סאָרטן,
אָבער אַלע שפּילן קאָרטן.
די באַן זי לויפט אין נאַכט פאַרהילט,
און דער עולם — שפּילט און שפּילט.

און מיין פאַנטאַזיע ווערט צעשוואומען,
כ׳ווער פון טומל אויך באַנומען;
מיינע אויגן און מיין זינען
דערזען פּעקטאָרים, מאַשינען.

אין דעם געיעג פון געלט צו מאַכן
הער איך דעם געלן טייוול לאַכן;
עס שווימט אַרום פאַר מיינע אויגן:
אַן אַרבעטער פאַריאָכט, געבויגן.

ווי ער שקלאַפט און בויט פּאַלאַצן
פאַר די רייכע זיי צו שאַצן,
און ער אַליין — ער וועט זיך שטיקן,
זיך אין אַן ענגער דירה דריקן.

און פאַרטראַכט אַזוי אַ זיצן,
דערפילט האָב איך מיאַמי׳ס היצן.
דערזען די זון אַנטקעגן גלאַנצן,
און פעלדער פול מיט פּאָמעראַנצן.

דער קאָנדוקטאָר, ווי אַ מלך.
רופט אויס „מיאַמי!״ לעבעדיק, פריילעך.
דער עולם הויבט זיך אָן צו רירן,
שטופּן זיך צו אַלע טירן.

מיאַמי איז אַ וועלט פון גאָט,
פול מיט שיינקייט, פול מיט סוד;
אַ גן־עדן אונז געגעבן —
פאַר די רייכע דאָרט צו לעבן.

# די שיינקייט פון מיאַמי

אָ מיאַמי, שיינע מיאַמי,
דו ביסט צויבערלעך און שיין;
דיינע שיינקייטן באַשאַפן —
האָט געקענט נאָר גאָט אַליין.

צו פאַרשטיין דיך, אָפּצושאַצן,
איז ניט יעדן מענטשנ׳ס פאַך.
כ׳וועל דאָך פּרוּוון דיך באַזינגען,
געבן דיר אַ ניגון־שבח.

ס׳איז דיין וועלט דאָ אַ גן־עדן,
די לבנה גרויס און שיין;
דיינע שטערן שיינען העלער,
און דיין הימל — לויטער ריין.

ס׳רוישט דער ים פון לייכטן ווינט,
פּאַלמען וויגן זיך אין טאַנץ;
און באַלויכטן איז דער האַפן
פון דעם הימל׳ס מילדן גלאַנץ.

ס׳הערשט אַ געטלעך זיסע שטילקייט
אויפן גרינעם ברעג — עס דאַכט
די פּאַלמען פליסטערן סודות
אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.

מענטשן גייען, מענטשן קומען,
יעדער גייט זיין אייגן וועג;
נישטאָ פון זיי אפילו איינער
וואָס זאָל באַוואונדערן דעם ברעג.

צו געניסן פון דער שיינקייט,
דאָס אַליין איז אַ געשאַנק:
פון דעם וועלטל אָט דאָס שיינע,
וואָס פאַרוויגט אונדז ווי געזאַנג.

אָבער מענטשן פליען, לויפן,
אויף מיאַמי׳ס גאַסן־ראָד;
פאַר׳שכור׳טע זיי דרייען זיך
אין אַ ווילדן קאַרעהאָד.

מחנות שטייען אויף די גאַסן,
אַ המון פון גאָר דער וועלט;
מען רעדט פון רייסעס, פערדלעך, הינטלעך,
און ווי אַזוי צו מאַכן געלט.

אויף יעדן טראָט — רעסטאָראַנען,
ס׳קלאַפּן טעלער, עס גייט אַ רויך;
דער עולם האַלט דאָ פון אכילה,
און מען רעדט, און מ׳לאַכט גאָר הויך.

ס׳פליען ווערטער אין דער לופטן,
מען פרעגט, מען טומלט און מען לאַכט.
„דו קומסט איצטער פון די רייסעס —
האָסטו עפּעס געלט געמאַכט?״

„איך בין גראָד געווען „ביזי״
מיט דעם שענערן געשלעכט;
מיין פרוי איז אין דערהיים געבליבן —
איז דאָס דוקא גאָר ניט שלעכט.

דער עולם דאָ האָט זיך פאַרגעסן
אָן דער גרויסער היטלער־שפּין;
צו לעבן אַ טאָג און צו געניסן —
דאָס איז איצט דער גאַנצער זין.

וואָס מיר נאַצים? וואָס פאַשיסטן?
אַלץ פאַרגעסן דאָ מען האָט.
נאָר דער דאָלאַר, בלויז דער דאָלאַר —
ער איז דאָ דער גאַנצער גאָט.

מען פאַרלאָזט די שענסטע ערטער,
און מען שפּילט אין „בינגאָ״ שפּיל.
פול איז מען מיט „גראָבן״ תענוג,
פאַר שיינקייט — ניט קיין געפיל.

און דער צויבער פון מיאַמי
שטייט פאַר׳יתומ׳ט גאַנץ אַליין.
זייער וויניק מענטשן פאַרשטייען
וואָס איז געטלעך, וואָס איז שיין.

און איך זיץ אונטער די פאַלמען
אויף מיאַמי׳ס ברעג ביי נאַכט,
און זינג שירה צום באַשעפער,
און זינג אים לויב פאַר דער פּראַכט.

אַט די שיינקייט, וואָס אַנטפּלעקט זיך
פאַר מיין אויג, איז אַ געשאַנק,
וואָס באַגליקט מיין גאַנצן וועזן,
און פילט מיין האַרץ אָן מיט געזאַנג.

כוואַליעס זינגען שטיל זיך לידער
מיט אַ ריטם, מיט אַ גראַם;
און מיין האַרץ זינגט מיט די שירה
מיט די כוואַליעס פון דעם ים.

די פאַלמען סוד׳ען זיך און מורמלען
אין אַ געטלעך-שטילער שפּראַך;
און אינאיינעם מיט זיי אַלע,
גיב איך גאָט מיין לויב, מיין שבח.

# דאָס שפּיל פון לעבן

די זון זי האַלט אין אונטערגיין,
און אַלץ איז איצטער פול מיט חן;
די פּאַלמען מיד פון זונען־שיין,
שלינגען לעצטע שטראַלן איין.

ביימער, בלומען — אומעטום,
וואו מען קוקט זיך נאָר אַרום;
רויטע רויזן בליען, בליען,
אין זון־פאַרגאַנג זיי גליען.

עס איז דער ים — אַ רעגנבויגן,
טיף אין הימל אַריינגעצויגן.
וואונדער־שיינע פּאַנאָראַמען,
הימל־וואַסער שפּיל צוזאַמען.

עס איז דער ים — אַ פאַרליבטער,
קאָכט און זידט און אָט — באַזיגט ער.
און איצט ער צערטלט, גלעט און וואַרעמט,
און האַלט מיך פעסט און ווילד געאַרעמט.

עס איז דער ים, ווי קריסטאַל ריין,
די זון זי רוט, און וויל ניט גיין.
די שטראַלן ציען זיך צוריק —
נאָך אַ שיין, אַ גלי, אַ בליק . . .

פון דעם שפּילעוודיקן גן־עדן,
וויל קיינער, קיינער זיך ניט שיידן.
ליכט און שאָטן, ברויזיק לעבן,
אַלץ איז דאָך פאַר מענטש געגעבן.

די מענטשן — וואַכיק, לויכטן, בליקן,
אויף די אוצרות וואָס דערקוויקן . . .
הימל, פּאַלמען, ים און לופט,
און אַ ווינטל — פול מיט דופט . . .

די זון פאַרגייט אין פּורפּור רויט,
מאַיעסטעטיש — זי ווערט באַגלייט,
פון אַ וואָלקנדל וואו־ניט־וואו,
אין הימל לויטערן, אין הימל בלאָ.

מיט די הייסע זונען־פלאַמען,
באַהעפט איך זיך מיט ים צוזאַמען.
מאַכטלאָז כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן
דעם ים דעם ים אין שפּיל פון לעבן.

## מיאַמי׳ס דעכער

כ׳ווייס, עס וואונדערט אייך מסתמא,
פאַרוואָס איך ליב אַזוי מיאַמי.
איך חלום ניט; מיין אויג טוט וואַכן,
און באַמערקט טשיקאַווע זאַכן.

אויב איר ווילט מיר זיכער גלויבן
כאַפּט אַרויף זיך דאָרטן אויבן:
אויף די דעכער זעט איר וואונדער,
ס׳איז אַ וועלט פאַר זיך באַזונדער.

מענער, פרויען, אויסגעצויגן,
אין זון זיך באָדן דאָרטן אויבן;
און זיי זינגען און זיי ריידן,
די זון זיי וואַרעמט — אַ גן־עדן!

אין דער וועלט דער נאַקעט־פרייער,
ווערן מענטשן אַנדערש, נייער,
ניטאָ קיין אָרעם, ניט קיין רייך,
אַלע זען אויס דאָרטן גלייך.

אָט דער זוניקער וויינגאָרטן
פאַראייניקט אַלע קלאַסן, סאָרטן;
אַלע קענען דאָרט געניסן
פון נאַטור׳ס געשאַנק דעם זיסן.

איין חסרון: וואָס די דעכער
איינער איז פון צווייטן העכער;
די מיאַמי׳ר קלוגע יידן,
געשאַפן האָבן פּיראַמידן.

נאָר ווענען אָרט עס, ברידער, שוועסטער?
דאָ איז פּאָרט דער פּלאַץ דער בעסטער,
זיך צו טרעפן און צו שפּאַסן,
זיך צו ליבן, ניט צו האַסן.

ווען אונזער ערשטע מוטער חוה
געווען וואָלט ניט אַזוי טשיקאַווע,
נאַקעט וואָלטן מיר שפּאַצירן
און ניט דאַרפן זיך באַצירן.

באַשאַפן גאָט האָט ניט די וועלט
פאַר קיין „ביזנעס" — „מאַכן" געלט,
צו פאַרכאַפּן און פאַרצאַמען,
לופט און זון און פעלד און ים׳ען.

און איך ליג אַזוי און טראַכט:
ווען די רייכע האָבן נאָר מאַכט,
פאַרקויפן זיי אויך׳עט לופט און זון,
און מאַכן קאַפּיטאַל דערפון.

זיי וואָלטן די לופט און זונען־קוגל
געהאַלטען הינטער שלאָס און ריגל,
און ס׳וואָלט אָטעם אויסגעפעלט,
די אָרעמע אויף גאָר דער וועלט.

אָבער גאָט האָט זיך דערבאַרעמט:
די זון אַ פרייע באַקט און וואַרעמט,
אַלע מענטשן, רייך צי אָרעם,
פון דעם קיניג ביז דעם וואָרעם.

און אין מיאַמי אויף די דעכער,
איינער פון דעם צווייטן העכער,
ליגן מענטשן אויסגעצויגן —
צו דער וועלט מיט אָפענע אויגן.

## מ׳איז צופרידן...

מ׳איז צופרידן מיט דער פראָגראַמע,
אַבי מען פאָרט שוין קיין מיאַמי;
ס׳איז ניט גרינג, איר זאָלט ניט לאַכן —
מ׳לויפט, מ׳קויפט, מ׳פאַקט די זאַכן.

גוט, מען איז שוין אין דער „טריין",
נו, מען פאָרט דאָך ניט אַליין;
אין „טריין" מ׳שטופּט זיך קוים אַריין,
ס׳וועט שוין אַלצדינג כשר זיין.

פאָרט מען שוין, אַ סוף, אַן עק!
מ׳זעצט זיך רואיק שוין אַוועק.
אַ ביסל אָטעם אָפּצוכאַפּען,
און ניט הערן דאָס טומלען, קלאַפּן . . .

אַך, אַביסעלע רו שוין צייט,
נאָר עפּעס פאָרקעט זיך ביים זייט:
די שכנ׳טע אויף דער צווייטער שטול,
זיך פאָרעט מיט די פעקלעך פיל.

„מיסטער, גיט זיך נאָר אַ קער,
ס׳איז אין ענגשאַפט דאָ מיר שווער . . ."
און פעקלעך פאַלן נאָך איר באַלד —
„העי, איר זייט דאָך ניט אין וואַלד!"

זעט איר, אין מיאַמי איז מען זיכער צופרידן:
מ׳פאַלט דאָך אַריין צווישן יידן,
די האָטעל־קיפּערין — אַ באַקאַנטע, אַ קרובה,
געלט נעמט זי אַסך, און טוט נאָך אייך אַ טובה . . .

דער צימער שיער ניט אַן אַנטיק
אַפּגעגאָלטן גאָר אַ גליק!
מיידלעך, באָבעס, שוועבן אום,
איינע רופט די צווייטע; „קום!"

און אַ שכן גאָר דעליקאַט,
כראָפּעט שטיל, ניט ווי אַ סאָלדאַט . . .
איז פּאַר שמחה ווילט זיך טאַנצן,
ס'איז דאָך וואויל און גוט אין גאַנצן . . .

פון די רעסטאָראַנען איז מען גאָר צופרידן,
ס'קומען אַהין בלויז אונזערע אידן;
מ'שטייט אין „ליין", מ'וואַרט ביז מיד —
מען שטייט דאָך אָבער ניט אין סטריט . . .

די גרעסטע פרייד דאָ גיבן די פערד.
פון זייער לויפן ציטערט די ערד;
און צעווילדעט ווערט דער עולם,
ער שפּרינגט פון הויט שיער, עולם־גולם.

לויף־הינט יאָגן זיך אויפן טרעק,
ס'איז גרויס די שמחה אָן אַ ברעג;
מיט יובל־געשריען איז פול דאָס פעלד
און יעדער הונט איז אַ חשוב'ער העלד . . .

און ערגעץ וואו אין קאַבאַריי
מ'שלינגט די מיידלעכ'ס נאַקעטן דריי . . .
ווער קען גאָר דעם געגוס אָפּשאַצן?
אויגן בליצן, שיער צום פּלאַצן.

מ'איז צופרידן גאָר אין גאַנצן,
מ'כאַפּט אַ דאַמע, מ'לאָזט זיך טאַנצן.
מ'וואָלט געקענט דאָ אָפּלעבן יאָרן,
ווען מ'דאַרף צוריק אַהיים ניט פאָרן.

די גוטע צייט פאַרלויפט געשווינד,
ווי פאַרפלויגן מיטן ווינט . . .
אַ היים צו פאָרן קומט די צייט . . .
אַ שכנ'טע טאָרקעט ווידער אין זייט . .

# אַ געיעג, אַ געיעג

אַ געיעג, אַ געיעג,
אויף מיאַמי׳ס גאַס און ברעג,
מען שפּאַנט אויף גיך, מען לויפט,
און מען האַנדעלט און מען קויפט.

מעקלערס, סוחרים, ספּעקולאַנטן,
אַ וועלטל פאַר די פּוסטע פּראַנטן;
רייסעס, טיקעטס, הינטלעך, פערד
אַלצדינג לויפט, עס ברענט די ערד.

„שפּיל דאָס פערדל נומער דריי!"
שרייט אוים איינער וואָס לויפט פאַרביי,
אין ים זיך באָדן — ווער האָט צייט?
אַבי געלט מען מאַכט איז מען אַל רייט.

„וואָס? האָסט נעכטן ניט געשפּילט?
דו האָסט טאַקע שלעכט געפילט?
זיי קיין נאַר ניט, הער זיך צו:
ס׳איז ניט דאָ דער אָרט פאַר רו.

אין גאַס אַ ליאַרעם, אַ געטומל,
אַלעם דרייט זיך אין גערומל.
אונטער „דזשעז" אָרקעסטער־טענער,
טאַנצן פרויען מיט די מענער.

קערפּערס דאַרע, פעטע, זאַטע,
קעפּ שוואַרצע, גרויע, פּליכעוואַטע;
אָנגעטאָן אין יום־טוב קליידער,
שפּאַנט מען, יאָגט מען אום כסדר.

רק זיי לויפן, זיך צעשפּרייטן,
פון איין האָטעל צום צווייטן;
וואָס זיי זוכן? וואָס זיי פילן?
עפּעס פעלט זיי אויסצופילן.

שולדיק איז אין דעם מיאַמי.
אַ באָבע ווערט דאָ אַ יונגע מאַמע,
אַ זיידע ווערט דאָ גאָר אַ יינגל —
וואַרפט צו אייגלעך, דרייט דאָס צינגל.

די זון האָט אָפּגעברענט דאָס פּנים,
פאַרדעקט די קנייטשן און סמנים;
שפּאַצירט ער זיך אַרום די גאַסן,
„פלירטעוועט" און מאַכט זיך שפּאַסן.

„וואָס זאָגסטו עפּעס אָט צו יענער?"
„די אַנדערע איז יינגער, שענער!" —
ענטפערט איינער גאָר זיך פליסיק —
„די מוז אַלט זיין אַוודאי דרייסיק".

„ווער וויל זיי דען אין אָט די יאָרן?
אויף דעם בין איך אַהער געפאָרן?
זעסטו דאָרטן צווייען „וואָוקען"
אין קורצע הויזקעס און מענער־זאָקן?"

„אמת, טאַקע, דו האָסט רעכט!
ווי כאַפּט מען עפּעס אַזאַ העכט?"
„ניט זיי קיין נאַר! ווען דו האָסט נאָר געלט
קריגסטו אַלצדינג אויף דער וועלט."

„ווי דענקסטו: בין איך ניט צו אַלט?
ס'ווערט מיר זעכציק דאָך שוין באַלד!
„גיי שוין?, גיי! זי וועט דיך גלייכן,
דו זעסט דאָך אַז זי זוכט אַ רייכן!

„אָ? זי זוכט אַ רייכן העכט?
זעסטו, דאָס איז טאַקי שלעכט!
און איך האָב גליקן זיך געמאָלט;
כ'האָב אַליין אַ רייכע געוואָלט!

אָ, די יונגע שיינע מיידלעך
מיט די לאָקנדיקע קליידלעך!" —
און זיינע אויגן גלאַנצן, לויפן,
אַ ביסל ליבע זיך צו קויפן.

נאָר ווי קען מען זיך דערקוויקן
אַז די „אזמע" האַלט אין שטיקן?
און ס'באהערשט דער פּעסימיזם,
ווען עס דרייט דער רומאַטיזם.

נאָר עס נעמט ניט זייער לאַנג
קומט אָן ווידער דער פאַרלאַנג:
ווער קען וויסן? ווער קען זאָגן?
אַז ער ליידט פון האַרץ און מאָגן?

וואָס? דער שפּיגל וויל ניט נאַרן? —
שונאים וועלן ניט דערהאַרן!
ער וועט זיך ניט אונטערגעבן;
שטאַרק איז ער, און פיל מיט לעבן!

און דער בחור שפּאַנט וואָס גיכער,
הייבט די פיסלעך ווי אַ וויכער;
צו פאַר'שכור'ן זיין פּיין
געמבלט ער מיט פרוי און וויין.

ער וויל לעבן, טאַנצן, עסן,
אָן די קראַנקייטן פאַרגעסן
ער וויל די וועלט וואָס איז דאָ —
דאָרט איז אַפשר גאָרנישט ניטאָ.

# אַ פּאַלמע

אויף די ברעגן פון מיאַמי
שטייען בוימער אָן אַ שיעור;
נאָר איין פּאַלמע ביי אַ טייכל
ניט פאַרגעסן וועל איך איר.

מיין לעבן לאַנג וועל איך געדענקען
יענעם בוים און יענעם אָרט,
וואו מיין זיסער, שיינער זון
איז מיט מיר געזעסן דאָרט.

כאָטש געבּרענט האָבן די שטראַלן,
האָט דאָס ווינטל זיי באַזיגט;
און די שאָטנס אַרום דעם בוים דאָרט,
האָבן מיין זון צום שלאָף פאַרוויגט.

מיין קינד איז רואיק זיך געשלאָפן,
און פון גאָר נישט ניט געוואוסט,
פון די געפילן און דעם שטורם,
וואָס צערייסן דער מאַמעס ברוסט.

מיט מיינע אויגן צו די הימלען,
כ'האָב געדאַנקט דעם ליבן גאָט,
פאַר זיין גוטסקייט, פאַר זיין רחמים,
פאַר זיין געטלעכען גענאָד.

זייער קראַנק איז ער געווען,
מיין זון, מיין אוצר, מיין בריליאַנט;
אַ גוטער מלאך איז געקומען,
און געהיילט אים מיט זיין האַנט.

און איצט האָב איך מיין זון, דעם שיינעם,
הינטערן גרינעם פּאַלמען בוים;
כ'וועל אים ברענגען אַ געזונטן,
צו זיין טאַטן אין דער היים.

ערהאַלט האָט זיך מיין שיינער בחור,
צוריקגעקומען צו זיין מוט;
ווידער קלייב איך פון אים נחת,
און עס איז מיר ווידער גוט.

אָט עפנט ער די קלוגע אויגן,
שמייכלט צו מיר קלוג און קוועלט;
אַ גרויסער למדן וועט זיין מיין זון,
און ברענגען נוצן צו דער וועלט.

דערפאַר ליב איך אַזוי מיאַמי,
און נאָך מער די עלפּטע סטריט,
וואו עס בליט מיין שיינע פּאַלמע,
וואו דער ים ער רוישט און זידט.

איך וויל אַרומנעמען און קושן
דעם בוים, די ערד אַרום דעם אָרט,
וואו ס׳איז מיין שיינער זון געזעסן
דאַן מיט מיר צוזאַמען דאָרט.

## ווער דאַרף רייכקייט און מיליאָנען?

אין אַ שיינעם פרילינג מאָרגן
גיי איך אויפן פעלד אַליין;
אַ לייכט ווינטל מיך גלעט און צערטלט,
נאַטור און איך מיר ווערן איין.

ווער דאַרף רייכקייט און מיליאָנען?
צו וואָס מיר צירונג און פּאַסאָנען?
כ׳דאַרף קיין באַנק ניט מיט קיין געלדער,
ווען איך האָב מיר די גרינע פעלדער.

פּאַלמען, בלומען, וואַסער, גראָזן,
ווייכע ווינטלעך מילד זיי בלאָזן,
רופן, גיבן מוט צו לעבן,
צו פליען ווייט און הויך צו שטרעבן.

כ׳שפּאַן אַריבער אַלטע פּלויטן,
וואַרף אַראָפּ פון זיך די קייטן;
אַ קוואַל דאָרט שטראָמט, עס זשוזשען זאַנגען,
אַ האַרמאָניע פון שירה־קלאַנגען.

זיץ איך אויף דעם גראָז און חלום:
גאָט, ווען אחדות, רו און שלום
הערשן זאָלן אויף דער וועלט —
גייט דער טייוול מיט זיין געלט!

## מ׳פֿאָרט קיין מיאַמי . . .

ניט אַלע פֿאָרן קיין מיאַמי
צוליב דער שיינער פּאַנאָראַמע.
צו דעם וועטער וואַרימען און קילן,
צו דעם חיות וואָס מיר דאָרט פֿילן.

צו דער זון וואָס שיינט און וואַרעמט,
צו דעם ים וואָס האַלט געאַרעמט,
צו די פּאַלמען און די גראָזן;
צו דעם מילדן ווינטל׳ס בלאָזן . . .

צו די קלאָרע וואַסער־קוואַלן
נאָך אַ שטערן איז צוגעפֿאַלן,
פֿאַר אלמנות, גרושות, מיידן,
וואָס קומען הייראַטן, און זיך שיידן . . .

מיאמי וואַקסט, זי האַלט אין „בומען״,
באַנען לויפֿן, מענטשן קומען,
ווער צו שפּילן, ווער צו וועטן,
דאָרט באַקענען זיך און גט׳ן.

האָט איר געהערט אַ קאָמבינאַציע?
כלומר׳שט מ׳פֿאָרט אויף וואַקאַציע;
מ׳שטייט דאָרט אַ קורצע צייט,
מ׳גט זיך אָפּ, און מ׳ווערט באַפֿרייט.

ס׳איז אַ גליק צו זיין אין מיאַמי.
ס׳פֿאָרט די טאָכטער, ס׳פֿאָרט די מאַמע,
ס׳פֿאָרט דער טאַטע, ס׳פֿאָרט דער זון,
אַלץ דאָרט קלאַפּט ווי אַ מאַשין.

מ׳זעצט אַריין זיך אין דער טריין.
תחילות איז מען גאָר אַליין,
מ׳פֿאָרט אַהער צו ווערן פֿריי,
און זוכן צרות אויפֿדאָסניי.

ניט ווייט פון דאַנען, בלויז אַ שפּאַן,
זיצט אַ וואַזשנער יונגערמאַן,
דאָ אַ ווייבל, דאָ אַ מיידל —
זיצן שטום איז דאָך ניט איידל . . .

אַ בליק, אַ וואָרט, אַהין, אַהער,
און מען ווייס שוין ווער ס'איז ווער . . .
און מען זיצט שוין און מען רעדט —
ביידע פאָרן זיי קריגן אַ גט.

מיאַמי איז אַ גרויס געמיש.
אַהער צו קומט מען כאַפּן פיש;
חזנים, שוחטים, און שדכנים,
אַלע האָבן דעם זעלבן פּנים.

און הימל, שטערן, לבנה, לופט,
רעגן פאַרלאַנגען, און עס רופט
צו מוזיק, צו טאַנץ, און טרונק,
און צעגליט עס ווערט דער ליבע-פונק.

מ'קען אין מיאַמי יינגער ווערן
פאַר געניום און פאַר באַגערן;
פאַר ליבע דאָס אויג נאָר בעט —
און חתונה וואַרט דאָ ניט אויף גט.

מיאַמי איז אַ טייערער פּלאַץ.
ס'איז גרינג צו קריגן דאָ אַ שאַץ.
ווער קען דאָ בייקומען דעם שטן
זיין אַרבעט איז ביז גאָר געראָטן . . .

יונג און אַלט, אָרעם צי רייך,
צו לעבן רופט עס אַלע גלייך.
אָט קומט אַ זיידע צום רב זיך בעטן:
רבי, כ'וויל מיין אַלטע גט'ן.

מיין פּלונית איז פאַר מיר צו אַלט,
איך קען דאָך קריגן אַ יונגע באַלד.
ווייבלעך, מיידלעך, אויף יעדן טראַט —
צו וואָס זיך האַלטן מיט וואָס מ'האָט?

און אַט קומט צו אַן אַלטע באָבע,
פאַרפּוצט אין שענסטער גאַרדעראָבע.
זי וויל זיך גט'ן, זי וויל זיין פריי,
ס'ווילט זיך איר לעבן פון דאָס ניי.

עס האָט ניט אירער קיין האָר, קיין ציינער,
און דאָ די יונגע — יונגען מיט ביינער!
אמאָל עס ווילט זיך אַ קאָמפּלימענט,
אַ וואַרעם וואָרט, און אַ פּרעזענט . . .

„איר שמייכלט, רבי? איר מיינט מסתמא
אַז איך האָב שוין אימיצן אין מיאַמי?
איך וואָלט זיך סיי־ווי־סיי גע'גט,
ווייל ליבן איז קיינמאָל ניט צו שפּעט.”

סיי די וואָס שפּאַנען זיך אין וואָגן,
סיי די וואָס ווילן קיין יאָך מער ניט טראָגן,
סיי די וועמען די ליבע האָט זך צוגעגעסן
(עס ווערט דאָך אויך נמאס קרעפּלעך עסן!).

אלמנות, גרושות, בתולות פאַרזעסענע,
אלמנ'ס, גע'גט'ע, בחורים פאַרגעסענע,
שפּילער, געמבלער, פּוסטע פראַנטן,
אויך סוחרים סאָלידע, הענדלער פון דימאַנטן.

ציוניסטן, העברעאיסטן, אידישיסטן,
סאָציאַליסטן, און אַלע אַנדערע ,איסטן',
מענטשן פון אַלע שיכטן, קלאַסן,
פאָרן קיין מיאַמי אין מאַסן.

מאַן און פרוי אין זעלבן באַן,
אין איין האָטעל זיי שטייען איין;
ער וויל אַ נייע ווייב, זי— אַן אַנדער מאַן,
אַבי אַן אַנדערן, ס'מעג אַן ערגערער זיין.

און מיט די מחנות מענער, ווייבער —
צוקונפטיקע הייראַט־קאַנדידאַטן —
פאָרן מסדר־קדושינ'ס און גט'ן־שרייבער,
אויך שייסטער אַדוואָקאַטן . . .

אויך פאַרמיטלער און שדכנים,
שמשים, חזנים, און בדחנים;
אויך דעטעקטיווס, מיט וועמען אין אַ נויט
ראַטזאַם ס׳איז צו זיין פארגרייט.

מיט איין וואָרט,
פון איבעראַל מ׳פאָרט,
מ׳פאָרט אין גאָט געבענטשטער מיאַמי —
אָבער ניט צוליב איר שיינער פּאַנאָראַמע.

# אוי, די עלטער . . .

עס גייט אַן אַלטיטשקער אין גאַס,
ער שטעלט דריבנע קליינע טריט,
אין דרויסן איז רעגנדיק און נאַס,
גייט פּאַוואָליע, און זיין טראָט ער היט.

חלילה ניט צו פאַלן אויף די שטיינער,
ס׳זאָל ניט געבן ווער אַ שטאַרקן לאַך;
ער היט דאָס אַלטע פּעקל ביינער,
ער וויל נאָך לעבן יאָרן אַ סך.

אָט זעט ער ווי ס׳גייען שיינע ווייבלעך שפּאַצירן,
בלאָנדע, ברונעטע אין שיינע קליידער;
הייבט ער אויך אָן קליידן זיך און צירן,
און וואַרפט הייסע בליקן צו זיי כסדר . . .

ער גלייכט זיך אויס, און הייבט אָן שטעלן פיס,
און נעמט זיך אָן מיט מוט און גבורה,
אוי לעבן, לעבן מיינס ביסט דאָך אַזוי זיס,
ער קריגט חשק, אויך אַ נייע צרה . . .

איך קען נאָך גיין ברוך השם נאָך אַ סך,
איך דאַרף נאָר ווען, איך וועל שוין קענען;
דער אַלטער גיט וואוויליונגעריש אַ לאַך,
וועלן דאַרף איך — און איך קען די וועלט פאַרברענען . . .

עס שפּאַנט דער אַלטער איבער מיאַמי׳ס גאַסן,
און לאַכט אין זיך אין זיין פעטן גווידער;
ווידער איז ער גרייט קיבעצן, שפּאַסן,
נאָר פּלוצים אַ ווינט — און ער טוט אַ שווידער.

„וואָס? ס׳איז טאַקע מיר גיין צו שווער?
דער ווינט מיין אָטעם האָט פאַרכאַפּט?
ווייס איך וואָס! ס׳דוכט זיך, מיר — ניט מער.
עס שפּאַנט דער אַלטער ווייטער און זיין שטעקן קלאַפּט.

אט ערשט, ווי לאנג, כ׳בין געווען אַ געזונטער בחור,
גענאַשט, גענאָסן פון לעבן, ליבע און גליק;
שטאַרק און שיין, אַ פלאַם אַ זכר,
איך מוז! כ׳וועל ווידער ווערן יונג צוריק.

געלט האָב איך, מזומן, זער אַ סך,
אין מיינע אויערן זשומעט פון פרילינג דער קלונג.
נאָר מיטאַמאָל עס גיט דער טייוול ציניש אַ לאַך,
און רייצט זיך און שטיפט און שטעלט אים אויס אַ צונג . . .

„וואָס הערט זיך,״ פרעגט ער, „אַלטער „דאָן זשואַן״?
וואָס איז געוואָרן פון דיר און דיינע פאַלשע ווינטן?
אַ ביסל נאָר געלעבט, אַ קורצן שפרונג, אַ שפּאַן,
און שוין האָסטו די שיינע וועלט פון הינטן״ . . .

ניט לאַנג — נאָר פּרובירסט האָסטו און געברענט אַ וועלט,
אַלץ געוואָלט האָסטו מיט גאָלד און זילבער קריגן:
געטראַכט האָסטו ועסט קריגן אַלץ פאַר געלט,
איצט זע, דו, נאַר, דעם פאַלשן גרויסן ליגן . . . ״

ס׳איז דאָ אַ גרענעץ אין דעם מענטשנס לעבן!
אַ סוף צום גענוס און הנאה פאַראַן;
יונגערהייט האַוועז, לויפן, פון לעבן נעמען און געבן,
און אויף דער עלטער ווערן זאָל אַלץ קלענערער דער שפּאַן...

## ד י  ג ר ו פּ ע

כ׳ווייס, איר זייט אין אמת׳ן גערן
מיך צו זען, און צו הערן
מיינע פּערזן, מיינע לידער —
דערפֿאַר וועל איך אייך לייענען ווידער.

צו זען אייך איז אַ מחיה,
איר שאַפֿט פֿאַר מיר אַ וועלט אַ נייע;
כ׳בין פֿון ניו יאָרק דערפֿאַר אַנטלאָפֿן —
צו אייך, מיין גרופּע פֿילאָזאָפֿן.

אָט דאָס אָרט, דער דאַך ווי אַ חופּה,
פֿאַרבינדט, פֿאַראייניקט אונדזער גרופּע.
און אין דער לערע פֿון שפּינאָזע,
איז אַ סימפֿאָניע אין פּראָזע.

אַ גרוס קען איך אייך געבן,
פֿון ניו יאָרקער טומל־לעבן;
וואו מען גייט אין אַלע ערטער,
הערט מען שרייען זידל־ווערטער.

ס׳איז דאָ אַזוי פֿיל איצט צו זאָגן,
ווען די וועלט האַלט זיך אין שלאָגן;
פֿון פּאַרטייען, אידעאַלן,
פֿון מלוכות וועלכע פֿאַלן.

אין אַלע ווינקלען, אַלע גאַסן,
הערט מען ריידן פֿון קריג, פֿון קלאַסן,
פֿון פֿרענקלין רוזוועלט׳ס פּאָליטיק —
יעדער גיט אייך זיין קריטיק.

מ׳רעדט פֿון היסטאָריע, עפּאָכן,
און מען האַלט זיך אין איין קאָכן;
יעדער איינער וויל דאָס וואָרט,
מען צעשלאָגט זיך שעור ניט דאָרט.

יעדערער וויל זיך זיין אַ חכם,
פירן די מענטשן אין זיינע דרכים.
פון דעם גערַאַנגל, סומאַטאָכע
ווערט אַ קריג אין דער „משפחה״

און די ראַדיאָ האַלט אין שרייען,
אַלע טומלען, אַלע ברייען;
ווער האָט דאָס כח זיי צו הערן —
טויב קען מען דאָך פון זיי ווערן!

אָ, מיאַמי, שיינע מיאַמי,
וואַרעמסט צערטלעך ווי אַ מאַמע.
אויף דיין שוים געפינט מען פרידן,
מען רוט זיך אָפּ דעם קאָפּ דעם מידן.

## אויף מיאַמי'ס שיינע ברעגן . . .

מיאַמיס שיינער ווייכ-ווייסער ברעג,
אויף מײלן ציט זיך ווייט און ברייט;
דעם ים באַגלייט ער אין זיין לאַנגען וועג,
ליגן שטיל ביי אים תמיד איז ער גרייט.

דער ברעג איז ווייס און פוכיק ווייך,
גרינע בוימער-צווייגן וויגן זיך פון ווינטן;
די שטראַלן שיקט די הייסע זון פון דער הייך,
זיי פאַלן אין ים אַריין אין טיפע גאָלדענע גרונטן.

דאָך זעט — ניט צופרידן איז דער ווייסער ברעג.
אין צער פול, איז זיין שטום-שווייגנדיקע גרימאַסע;
ער בענקט נאָך יענע שטילע, רואיקע טעג,
ווען ניט געטראָגן האָט ער אַזאַ שווערע משא.

אָט די שטאָלץ-הויכע, סאָלידע בנינים-טורעמס,
פון אייזן, גלאָז, און שטיין — ביים ברעג באַזעצט,
שטאָל-געגאָסענער, אין שיין-געטאָקטע פורעמס,
אַ שווערע משא דריקט דעם ברעג און קוועטשט.

האָטעלן פרעמדע מיט פרעמדע נעמען,
געשאַפן האָבן יידן דאָ דעם שיינעם רעזאָרט.
נאָר מיט נעמען יידישע טוען זיי זיך שעמען,
אויף נאָכמאַכן דעם גוי — איז מיאַמי דאָס אָרט.

געבויט האָבן די בנינים די יידישע דאָלאַרן,
די יידן פילן שטאָלץ זיך און גאָר געהויבן.
פון סוחרים קליינע אויסגעוואָקסען זיינען האַרן,
וואָס קיניגן און קוקן אַראָפּ אויף אַלעמען פון אויבן . . .

דאָרט, הינטער יענע ווייסע ווענט און טירן,
הוליען, טאַנצן אין שכרות-פריילעכן געמיש,
אָט די מאַגנאַטן, וואָס בייטאָג אַ גרויסן מסחר פירן,
און ביינאַכט זיי לעבן און געניסן פון ערדישן פאַראַדיז.

ניט די תורה אונדזערע האָט דאָס פאַר זיי געמאַכט,
דער גאָלדענער קאַלב האָט זיי אַהער געפירט;
גאָלד האָט זיי געבראַכט פיל חוצפה און מאַכט,
דער גאָט פון געלט האָט אַזאַ לעבן זיי דיקטירט . . .

אין טומל פון וויין, קארטן און פערד־לויף און הינט,
זיי פאַרטרינקען דעם געוויסן, שוין אויך דאָס געזונט,
וויצן ביליקע, טעניץ פאַרשייטע, אין פיל פאַרביקן טאַראַראַם,
געשריי־פאַרשייטער, ווילד־געלעכטער פאַרטויבט דאָ דעם ים.

רייצנדיקע פרויען קערפּערס, יונג ליגן אויסגעלייגט,
אויף טישן און בענקלעך אין איין קנויף פאַרדרייט,
קיין אונטערשייד, וועמענס פיס און וועמענס הענט . . .
פון זון צעוואַרעמט זיינען זיי,, און אָפּגעברענט.

די צונג קלאַפּט, פּלאַפּלט נאַרישקייטן און רעדט,
פאַרלאַנגען וועקן זיך, פון האַנט־באַריר און גלעט;
אַ יונג מיידעלע צו באַזיצן, טאַקע דאָ
וואָס גיבן זיי ניט פאַר אַ חיי שעה? . . .

ווייבער, מיידלעך, חנ'דלען זיך און לאַכן,
הערן חכמות נאַרישע און פּוסטע זאַכן . . .
שטיקן כלומר'שט זיך פון געלעכטער, פון די פראַזן,
ס'איז אַ וועלט דאָ פון אויפגעבלאָזענע מיראַזשן . . .

אין פאַרב פאַרשמירט — די באַקן, ליפּן,
קליידער רייכע, בריליאַנטן דעקן צו דעם שטאַם.
יאָרן פאַרלייקנט מען, מען פּרובירט זיי איבערהיפּן,
צו שמעלצן זיי אין דעם קעסל פון פייער פלאַם.

הינטער אויסגעשניצטע געקינצלטע טירן און ווענט,
גייט אָן טאָג און נאַכט אַ פאַרשייטער לעבן,
געשאַפן האָבן דעם וואוילטאָג דאָ אַרבעטער הענט,
ווער וועט זיי אַ ביסל גליק אַמאָל כאָטש געבן?

באַלאַגערט זיינען מיאַמי'ס גאַסן פון פרי ביז שפּעט,
פאַרבויט איז און פאַרשוועכט דעם ברעג'ס ווייסע ריינקייט.
טענער גרילצן פון די מיליאָנען . . . נאָר מען רעדט און רעדט,
ניט נאַטירלעך איז די רייכקייט, ניטאָ קיין אמת'ע שיינקייט.

עלעקטרישע לאָמפּן פאַרטונקלען די שטערן,
ס'פאַרהילכן די געשרייען דעם רויש פון ים.
די בלייכע לבנה באַהאַלט אין הימל זיך אינעם ניט ווערן,
די נאַטור שווייגט און פילט פון טויט דעם טעם.

# בלעק מאַרקעט

„נישטאָ" איז געוואָרן דאָס ווערטל פון טאָג.
וואו מען קומט נאָר גיט מען אייך אַ זאָג:
„נישטאָ!" נישטאָ קיין שפּייז, קיין ברויט, קיין פּוטער.
נישטאָ קיין בגדים, קיין זאָקן, קיין פוטער.

נישטאָ קיין „רומס", קיין דירה איז ניט צו קריגן,
מענטשן מוזן נעכט אין די פּאַרקן ליגן;
נישטאָ קיין דאַך איבערן קאָפּ —
פּשוט, מען גייט פון זינען אַראָפּ!

סוחרים, קרעמער, טוען אַ טובה:
מען גיט אַ „באַרגיין" מ׳פּאַרקויפט אַ „גנבה",
פון אונטערן קאָונטער, פון אונטער דער פּאָלע;
מען שרייט און מען שעלט „זיי זאָלן קריגן די מפּלה!"

דער קונה שטייט געבויגן אין דרייען,
ער הערט זיין ברויט-געבער מאָלן, ברייען;
יענער שרייט ער האָט ניט, ס׳איז בלעק מאַרקעט —
דערווייל קוועטשט ער דאָס פעט באַנק-ביכל אין פּאַקעט.

ניו יאָרק שרייט מען זאָל אין מיאַמי ניט פאָרן.
מ׳שלאָפט דאָרט אין די גאַסן, מ׳פּאַרשעלט זיך די יאָרן,
מען פאַסט תעניתים, קיין עסן ניט, קיין שלונג —
פון הונגער און דאָרשט טריקנט אַזש די צונג.

וואָס פאַר אַ ליגן, ס׳איז ניט געשטויגן!
רייכקייט און לוקסוס רייסט פּשוט די אויגן.
ווער קען באַנעמען, ווער קען דען אָפּשאַצן
די רייכקייט פון מיאַמי׳ס שלעסער און פּאַלאַצן?

לינקאָלן ראָוד מיט אירע ברילִיאַנטן,
קליידער, אַנטיקן פאַר דאַמען און פראַנטן,
געלט-אַסיגנאַציעס ליגן אויף דער ערד —
ביי די קריגס-מיליאָנערן האָט געלט ניט קיין ווערט.

צויבער־פּאַלאַצן, מיט בלומען אויף די גאַסן,
דאָ פאַרנעמען נאָר די געלט־זעק קלאַסן.
ס׳רייסט די אויגן די אַלע מאָדעס, פאַסאָנען,
זייער הייליקע עבודה איז ציילן די מיליאָנען.

פאַר זיי איז „נישטאָ" ניט קיין שפּראַך,
פון אַלצדינג זיי האָבן מער ווי אַ סך.
אין וואַרעמען סעזאָן, אין די גרעסטע היצן,
פוטערנע מאַנטלען זיי טראָגן און שוויצן.

קאָסטבאַרע צירונג אויף פים און אויף הענט,
טעפּיכער זיידענע אויף דילן און ווענט;
קריסטאָלענע לאָמפּן וואַרפן אַ שיין
אויף גלעזער פון שאַמפּאַניער און וויין.

טישן געדעקט מיט געשמאַק און עלעגאַנץ.
אַן אָרקעסטער שפּילט און רופט צום טאַנץ;
פּאָרלעך טראָגן זיך אין ווילדן עקסטאַז,
אין אַ וועלט פון צויבער, אילוזיעס און מיראַזש.

באַזויפן, פאַרטרונקען אין ערדישע פריידן,
זיי פאַרגעסן דעם וועלט־שמערץ, די ווייען און ליידן,
דעם הונגער און קעלט אויף יענער זייט ים,
די יסורים און פּיין פון אייגענעם שטאַם.

דער טייוול — דער דאָלאַר, די געלט סומאַטאָכע,
פאַרפראָרן האָט דאָס האַרץ, דעם געפיל צו משפּחה,
צו שוועסטער און ברידער און נאָענטסטע פריינט.
לעבן — איז געניסן, און ניט מאָרגן נאָר היינט.

אין געיעג נאָך רייכקייט, צו ווערן אַן עושר,
נישטאָ קיין וואָרט, קיין ערע, קיין יושר.
יאָ, איצט איז די צייט מיליאָנערן צו ווערן.
וואָס מיר יוראָפּ, מלחמה — ווער וויל דאָס גאָר הערן!

בלויז רייכקייט און מאַכט קען געבן גאָר און אַלעס,
זאָלן נאַראָנים זיך פרייען און קייקלען זיך אין דלות;
גאָט אַליין צו די אָרעמע זאָגט: „נישטאָ"
ס׳איז בלעק מאַרקעט, דאָנט יו נאָו?

אָבער מיט זייער געלט־גייען — זייט זיי ניט מקנא.
זייער לעבן איז פול מיט שרעק און סכנה;
דער דענקער, דער דערפינדער, ער שלאָפט ניט, ער טראַכט,
ווי צו פאַרניכטן די טייוולאָנישע מאַכט.

וואָס פאַר א ווערט קענען האָבן מיליאָנען,
ווען גאונ׳ישע קעפּ שאַפן נייע קאַנאָנען?
וואָס קען פאַר זיי טאָן זייער גאָלדענער גאָט —
ווען איין אַטאָם באָמבע קען פאַרניכטן א שטאָט?

איז וואָס איז די פּעולה געלט צו האָבן,
אַז איין שפּריצל פייער קען דאָס אַלץ באַגראָבן.
מען קען עס ניט באַהאַלטן אין אייזערנע ווענט:
אַ קראַפט א העכערע האַלט אונדז אין די הענט!

אַ בריאה׳לע איז דער מענטש, קלענער ווי קליין.
ער וויל נאָך אָבער אַלץ ניט פאַרשטיין
די אייביקע טיפקייט, דעם גרויסן סוד,
וואָס פאַרכאַפּט און פאַרדרייט אים אין קייט פונ׳ם ראָד.

וואויל יענעם וואָס האַלט אָפן זיינע אויגן,
וואָס פאַרשטייט דאָס לעבן, און לאָזט זיך ניט בויגן
פון די פאַלשע באַגריפן וואָס פאַרפירן אונדז דאָ —
דער וואָס קען זאָגן: ניין, נישט איך — איך בין נישט דאָ.

## צוריק אַ גן־עדן ...

איצט איז מיאַמי צוריק אַ גן עדן.
ס׳איז שוין נאָך דער מלחמה מיט אירע ליידן.
ניטאָ מער קיין סאָלדאַטן, קיין מאַרשן, מושטירן,
קיין באַראַבאַנען וואָס פאַרטויבן די געהירן.

כ׳געדענק די פרימאָרגנס, דאָס פייפן, דאָס וועקן,
סאָלדאַטן גייען דינען, די גאַסן זיי באַדעקן.
נאָך איידער די זון טוט דעם מזרח באַהעלן,
זעלנער פאַרשלאָפענע אין רייען זיך שטעלן.

די בחורים — נאָך קינדער — לויפן און יאָגן,
פאַנצערס געצוואונגען זיי זיינען צו טראָגן;
צערודערטע, פאַר׳חלום׳טע — זייערע אויגן,
נאָך גאָר אַזוי יונג — שוין פון צרות געבויגן.

כ׳וועל אייביק געדענקען, דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן:
אַ וואו נאָר מע איז געשטאַנען, געזעסן —
פאַרטויבט פון פויקן, פון לידער פון מלחמה,
פאַרצערט עס האָט אונז מוח און נשמה.

אָבער איצט איז מיאַמי אויפסניי געבאָרן:
פאַלמען צעוואַקסן, זיינען גרינער געוואָרן,
די זון זי שיינט און וואַרעמט איבער מיאַמי.
אַ ווינטעלע צערטלט ווי אַ טרייע מאַמע.

דער ברעג איצט רוט פון זעלנערשן טרעטן,
דער זאַמד איז ווייך ווי פעדערנע בעטן;
מענטשן אין רעדלעך, זיצן און ליגן
זאָרגלאָזע, פרייע, ווי אין קינדערשע וויגן.

דער ים איז גרין, דער הימל — לויטער פאַרצויגן
פול פאַרביקע פאַסן — אַ רעגנבויגן.
ריטמיש קלאַפט ים אויס זיין אור־אַלטן ניגון
אין שירה־געזאַנגען צו גאָט פאַרן זיגן.

די טייוולשע מאַכט געוואָלט האָט פאַרצאַמען
די פעלדער, די וועלדער, די מעכטיקע ים׳ען;
מיט פייער און פלאַמען די מענטשהייט אָפּווישן,
מיט בלוט און מיט טרערן ים׳ען אויסמישן.

שיפן איצט פולע מיט ביקסן, קאַנאָנען,
אויף ים׳ען טראָגן זיך באַהאָנגען מיט פאָנען.
געזוכט האָט יעדערער וואָס מער צו רויבן
ביז אַטאָמישע קראַפט געקראַכט האָט פון אויבן.

דער גרויסער דונער פאַר פינצטערע כחות.
ס׳האָבן אייפעריג די צדדים געאַרבעט מיט די מוחות
ווער ס׳זאָל פריער די טויטלעכע באָמבע האָבן,
פינצטערניש — צי ליכט? — ווער ועמען זאָל באַגראָבן.

און איצט גייט אָן אַ מסחר, מיט באָטן און מקח,
ווער ס׳זאָל באַקומען דעם זיסן צוקער־לעקעך.
מען האַלט זיך אין עצה׳נען און דינגען,
ווער עס זאָל די באָמבע איינשלינגען.

און די גרויסע פעלקער זיי ווילן, אַפּנים,
איינשלינגען אין גאַנצן — לויט אַלע סמנים.
אַ הייפל כאָטש האָבן אַטאָמישע תורה,
צו האַלטן דעם שותף אין שרעק און אין מורא.

נאָר איך וויל ניט הערן די פרטים.
איך בין אין מיאַמי צו כאַפּן דעם אָטעם.
אָ גאָט, איך בעט, צעשטער אַלע וואַפן,
נאָר לאָז אונדז די שיינקייט וואס דו האָסט באַשאַפן!

דער ים, די פעלדער, די ביימער די גרינע —
דאָס איז דאָך דער אוצר פון יעדער מדינה,
די רייכקייט פאַר מענטש צו געניסן.
נאַטור וויל פון יחוס און קלאַסן ניט וויסן.

איך זיץ ביים ברעג, און איך חלום:
גאָטעניו, גיב אונדז אַ וועג צו שלום!
אַ סוף מאַך צו שלאַנגען וואָס זוכן צו שיידן
דורך דורות און דורות דעם מענטש מיט גן־עדן.

איך וויל נאָך דערלעבן, זען, און הערן,
עס זאָל דער מענטש שוין וואַכיק ווערן,
ניט לאָזן דעם טייוול אים צו פֿאַרפֿירן,
ער זאָל קענען זיין וועלט אַליין רעגירן.

צו העכערער שטופֿע יעדער זאָל שטרעבן,
צו קענען גענימן פֿון שיינקייט און לעבן.
אַקערן, בויען, צו פֿאַרוואַנדלען די וועלט
אין אַ גן־עדן, און צום טייוול מיטן געלט!

פֿרייהייט און גלייכהייט, ניט קליין און ניט גרויס.
ניט פּאַלאַצן צו בויען אויף אָרעמאַנ׳ס שוויים,
ניט קיין מלחמות פֿאַר קאַפּיטאַל,
אַטאָמישע קראַפֿט פֿאַר טויטלעכן שטראַל.

# ס ד ר י ם

אין דער גאָט-געבענטשטער מיאַמי,
וואו דער ים באַוועגט זיך געמיטלעך שטיל,
און די זון דאָרט שיינט און וואַרעמט,
און ווינטלעך בלאָזן מילד און שטיל,

דער פרייהייט-יום טוב איז געקומען,
אין אַ העל-באַלויכטענער לבנה-נאַכט:
האָבן יידן זיך פאַרזאַמלט,
און אין סדר-נאַכט שיין פאַרבראַכט.

איבער רייך-געדעקטע טישן,
אין דער שענסטער נייער שול,
די בעסטע שפייזן און געטראַנקען,
באַצירטע טישן פון כל טוב פול

די שיינע יידישע טראַדיציע
מצה,מרור, חרוסת, וויין,
אויסגעפילט אין יעדן וואָרט:
אויך שנאַפּסן פון יעדן סאָרט.

און דער חזן — די הגדה
געזאָגט האָט מיט ניגון און מאָס;
און דער עולם האָט נאָכגעזונגען,
און געטרונקען כוס נאָך כוס.

און די חנ'עוודיקע מלכה'ס,
מיט מלכים פּאָר אין פּאָר —
גוטער גאָט, טו אונז בענטשן
אָט אַזוי ביז הונדערט יאָר!

יעדער מלך צו זיין מלכה
שמייכלט וואַרעם, ליב, און שיין;
אין דער יום-טוב'דיקער שטימונג
זעט זי אויס גאָר מלא חן.

און די אויסגעפּוצטע מלכּה
וואַרפט צו צניעות׳דיקע בליקן
מיט דעם אייגענעם מלך נאָר —
אַ פרעמדן ווילט זיך אויך דערקוויקן.

טויזנט חנ׳ען האָט דער פּסח,
איבערהויפּט די סדר נאַכט;
אייביק לעבן זאָל זיין נאָמען —
דער וואָס האָט דאָס אויסגעטראַכט.

אונטער שפּיל פון ליכט און גלעזער
פלאַמען פּנים׳ער, אויגן גלאַנצן;
און צום חזנ׳ס שיינעם ניגון
ווילט זיך גיין אין אַ רעדל טאַנצן.

אַ שיינע מדה ביי אונדז יידן
ווען מיר זיינען אין אַ קהל:
אַלע קלאַסן, איסטן פון כּל המינים —
שרייען, זינגען אין איין קול.

און נאָך די פולע אַרבע כּוסות —
ווען פריילעך, שכּור׳לעך מען ווערט —
האָט דאָס זינגען פון חד גדיא
גאָט אין הימל אויך דערהערט.

און געזאָגט האָט גאָט צו אליהו:
גיי אַרונטער צו מיינע קינדער דאָרט;
זיי מאַטערן זיך נעביך מיט די פּסוקים,
און צעקריפּלען יעדעם וואָרט

איך פונדעסטוועגן וועל זיי געבן
אַ גליקלעך מזל׳דיקן יאָר;
פיל געזונט; און נאָך פילע סדרים
זאָלן זיי זיצן פּאָר אין פּאָר.

און די גרינדער נאָבעלע
פון זייער געבענטשטן געצעלט —
זייער כּוס וועל איך אָנפילן
מיט פרייד און שלום אויף דער וועלט.

# דר. וואָלפסאָן
## (אַ פּאָרטרעט)

ווילט איר בייוואוינען אַ שיינע זאַך?
ווילט איר געבן אַ גאָר גוטן לאַך?
דאַן זאָלט איר קומען צו אַן אָרט,
וואו איך און דר. וואָלפסאָן זיצן דאָרט.

ס׳הייסט מיר נאָר זיצן ביים ביעטש צוזאַמען.
איך זיץ און שרייב מיר מיינע גראַמען,
און ער, אין די געבענטשטע מאָרגן שטונדן
זיצט — איך וואָלט זאָגן — אין געהאַקטע וואונדן.

וואָס איך האָב פאַרצייכנט מיט מיין אָרים פען.
האָב איך אַלץ אַליין געהערט, געזען:
און דעם דאָקטאָר׳ס פרימאָרגן ווי כ׳האָב אים באַשריבן,
איז ניט פאָלקאָמען, אָבער אויך ניט איבערטריבן.

אויפשטיין, שטייט ער אויף גאָר פרי,
נאָך איידער די זון גיט איר ערשטן גלי.
אַן אויסגערוטער, מיט האָפנונג פול און מוט,
צו פאַרברענגען דאָ דעם טאָג באַרוט.

ער נעמט מיט זיך מיט פאַפירן, ביכער,
און לאָזט צום ים זיך שטיל און זיכער.
ווייל אין זוניקן, ליכטיקן פרימאָרגן,
וועט ער קענען לעזן, טראַכטן, אָן זאָרגן.

ס׳איז דער הימל קלאָר און אַלץ אַזוי שיין —
איז גוט צו זיצן, טראַכטן גאַנץ אַליין.
נאָר איידער ער זעצט זיך אַוועק,
קומט צו אַ פריינט, און גיט אים באַלד אַ פרעג:

„פון וואָס האָט מען, דאָקטאָר, נעכטן גערעדט?
אַזוי? אַ רעדנער האָט גערעדט? פון וואָס?
כ׳האָב רוען ניט געקענט די נאַכט אין בעט.
האָט ער כאָטש גערעדט צום פונקט און אין מאָס?"

עס באַוואַרפט מיט פראַגן אים דער ייד,
און האַלט דאָקטאָר וואָלפסאָן צוגעשמידט.
דער דאָקטאָר, אַ פאַרצווייפעלטער, ער ברעכט די הענט,
און צום יידנ׳ס טענות איז גאָר ניטאָ קיין ענד.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט איינעם אַקוראַט.
קומט באַלד אַ צווייטער, אַ נייער קאַנדידאַט:
„כ׳ווייס, איר זייט אַ גוטער, איר׳ט מיר אַלץ דערקלערן,
איר ווייסט דאָך אַסטראָנאָמיע, זון און שטערן.״

אָט אַזוי דעם צונג טוט יעדער אויף אים שאַרפן,
מיט פראַגן האַלט מען אים אין איין פאַרוואַרפן:
פון מענטש, פון גאָט, פון שפּינאָזא׳ן, נו געוויס!
און דעם דאָקטאָר׳ס ענטפערס זיינען טיף און זיס.

און פון דאָקטאָר׳ס שטוב ביז צום ברעג
גוטע צוויי שטונדן דויערט דער וועג.
און דאָ ברענט די זון אַזוי זיין קאָפּ,
די שטראַלן גליענדיקע לאָזן אים ניט אָפּ.

אויפן ברעג אונטערן שירעם ניט אויסצוהאַלטן,
ס׳קומען צו פאַרשיידענע געשטאַלטן:
שרייבער, דענקער, און פּאָעטן,
ס׳פעלן אויך ניט קיין פּראָפעטן.

הערן די ראַדיאָ? רעדן גאָר פון ביכער?
דעם „קאָנצערט״ אונטערן שירעם וויל מען זיכער;
איינער זינגט אַ ליד, אַ צווייטער ברומט זיך סתם,
און ס׳איז אַ הו־האַ, אַ טאַראַראַם.

און דאָקטאָר וואָלפסאָן דאַרף אַלעמען אויסהערן,
ער שמייכלט שטיל און טוט קיינעם ניט שטערן.
שפּינאָזאַ׳ס תלמיד פרעגט מען ניט קיין שאלה.
זיין פילאָזאָפיע איז: גערעכט צו אַלע.

זיצן אַרום אים כל׳ערליי „טייפּס״,
און מען רויכערט סיגאַרעטס און „פּייפּס.״
דאָקטאָר וואָלפסאָן הערט, און שלינגט אין זיך דעם רויך,
באַמקעט צו, און אָפּט ער צעלאַכט זיך הויך.

מיט אויגן פאַר׳חלומ׳טע באַטראַכט ער דעם האָריזאָנט.
„שוין צייט צו גיין אַ היים״ האָט ער זיך דערמאָנט.
ער נעמט צונויף זיינע זאַכן — אויף גיין איז ער ניט פויל.
ער איז שוין מאַט, און וויל עפּעס אין מויל.

נאָר אָט קומט אָן אַ אידענע: „דאָקטאָר, האַו דו יו פיעל?״
„וואָס מאַכט שפּינאָזאַ?״ „איט גייוו מי איי ביג טריל!״
„וואָס מאַכט די גרופּע, דאָקטאָר?״ פרעגט זי מיט געבעט,
און אין נאָסן ביידינג סוט רעדט זי אין זי רעדט.

און זי האַלט אים כסדר אין איין לויבן:
וואו איז שפּינאָזאַ? זי האַלט דאָך פון זיין גלויבן!
זי מיינט אַז פילאָזאָפיע איז די בעסטע רעליגיאָן,
און אויך אַז פון פּאָעזיע קען מען האָבן „פּאָן”.

נאָר דאָקטאָר וואָלפסאָן האט דאך אַ גאַלדענע נאַטור —
שטייט ער און טרייסלט זיך פון איר קולטור,
און זי שטייט און רעדט, און רעדט אַלץ מער,
און דעם דאָקטאָר ווערט ביטער און שווער.

און יעדן שבת אַ פאַרזאַמלונג אַ נייע.
ס׳קומען רעליגיעזע, ס׳קומען מענטשן פרייע,
און אַלע ווילן מ׳זאָל זיי הערן,
און דאָקטאָר וואָלפסאָן וועט דאָך קיינעם ניט שטערן.

אין מיטן שרייט אויס אַ פרומער יידישיסט:
„תורה דאַרף מען לערנען, זיין אַ נאַציאָנאַליסט!”
אָבער קאָמוניסטן פון אַ זייט האַלטן דאָס ניט אויס,
זיי ווילן דאָס ניט הערן, און כאַפּן זיך אַרויס.

און אָט אַ סכסוך! ס׳האַלט ביי קלעפּ גאָר שלעכט,
גיט דער דאָקטאָר וואָלפסאָן יעדערן גערעכט.
גוטמוטיק ער שמייכלט: אַ יע, אַ יע!
שלום דאַרף זיין! קריגן זיך — פע!

און אַזוי יעדן שבת, אין ווינט און אין רעגן,
וועט ער אייך שוין ענטפערן, וואָס נאָר איר׳ט אים פרעגן.
און באַלד נאָך דער לעקציע שטייט ער שוין ביים וואַנט,
און שמייכלענדיק דריקט ער יעדן די האַנט.

אין דעם איז זיין גרויסקייט, זיין שיינע נשמה:
מיר קומען דאָך צוזאַמען, האָבן נחמה.
ער איז צו אַלעמען פריינטלעך, אפילו צו די קלענסטע.
ער איז פול מיט מדות, מדות גאָר די שענסטע.

די ערד מיט איר רייכקייט און וואונדער אַנטיקן,
באַשאַפן איז דאָך דעם מענטש צו דערקוויקן.
דער מענטש דאַרף נאָר קענען אַליין זיך געפינען —
און דאַן וועט די וועלט ערשט האָבן אַ זינען.

## צוריק פון פלאָרידע

עס דרייען זיך די רונדע רעדער,
די באַן זי לויפט און יאָגט כסדר,
יאָגט און טראָגט צוריק אַהין,
אָטעמט, פייפט ווי אַן אַ זין.

זי יאָגט, זי לויפט בליציק שנעל,
פליט דורך טייכן, פעלדער;
שטעטלעך זעען אויס ווי אַ קונסט-געמעל,
גרינע גערטנער, פלאַנצן, וועלדער,

נאַטור-צויבער אין שנעלקייט מ׳זעט
אויסגעשפרייט פאַר די אויגן;
ס׳לויפט די באַן אַלץ ווייטער, העט-העט
לאָזט אַלץ איבער — און ווייטער געפלויגן.

מיט כעס איר וועג זי שניידט,
שפּרייט רויך, אַ גרויע כמאַרע;
מיט חוצפּה קלאַפּט זי און זי שרייט:
טרעט אָפּ דעם וועג — מאַכט אַ וואַרע!

באַן, דו פליער, שטעל אָפּ דיין געיעג.
דו טוסט ניט קיין טובה, ציייגסט ניט קיין וואונדער;
מאַכסט מיר נאָר קירצער מיין שיינעם וועג —
יעדע רגע איך לעב באַזונדער.

אַוועקגעריסן האָסטו מיך מיט גוואַלד
פון וואַרעמער זון און ליכטיקער מדינה,
פון ים-ברעג, פון פּאַלמען און וואַלד,
פון בלומען-פעלדער סאַמעט-גרינע.

איצט דו טראָגסט מיך צו אַ פעלזיקן אָרט
וואו מאַשינען דרייען, האַמערס קלאַפּן;
מיין האַרץ און נשמה מיטן זומער איז דאָרט —
צו געניסן, צו לאַכן, און פרייד איינצוזאַפּן.

איך ליב דאָך אַזוי דעם זוניקן טאָג
מיט דער גאַנצער קראַפט פון הארצן;
איין זונענשטראַל וואָס איך פאַרמאָג,
באַלויכט מיר דעם הימל דעם שווארצן.

באַן, דו פירסט דעם קערפער בלויז,
צו אַ וועלט וואָס איז ניט מיינע;
צו אַ היים וואָס איז אַן אייזבאַרג־הויז —
צו וואָס דאָס פליען, דאָס פייפן דיינע?

ס'לויפט די באַן, און קלאַפּנדיק ברומט זי אַ ליד,
ווערטער שטעכן ווי מיט מעסער;
כ'זיץ אַן אומעטיקע צעבראָכן און מיד —
עס וואַקסט דער טרויער גרעסער, גרעסער.

# האַרבסט

ס׳פאַלן פאַלן געלע בלעטער,
דיביימער בלייבן הויל און דאַר;
און די אָסיען־ווינטן ברומען
אַ ניגון פון אומעט און צער.

אָ, איר ז׳אַרע, געלע בלעטער!
געגעבן מענטשן האָט איר גענוס
אין פרילינג און אין הייסן זומער —
איצט זיי טרעטן אייך מיט די פיס

אייער בליעכץ, אייער גרינקייט,
האָט די גאַנצע וועלט באַצירט;
אויגן הערצער און נשמות,
דערפרייט, פאַר׳כשופ׳ט און פאַרפירט.

ווען אין די שיינע זומער מאָרגנס
האָב איך אין וואַלד אַליין שפּאַצירט,
געזוען זייט איר דאַן גרין און פרעכטיק,
און מיט מאָרגן־טוי באַצירט.

כאָטש איר ליגט אויף דר׳ערד פאַרוועלקטע,
דאָך דערוואַרעמט איר מיין בלוט;
ווייל איך לעב אין אייער עבר
מיין געמיט אין אייער גרינקייט רוט.

כ׳האָב אייך ליב געהאַט אין פרילינג,
און איצטער ליב איך אייך נאָך מער;
כ׳נעם אַרום דעם בוים, דעם דאַרן,
און באַנעץ אים מיט מיין טרער.

ניין, איך וועל אויף אייך ניט טרעטן,
כ׳וועל אייך אייביק בלייבן טריי;
קומען וועלן נייע פרילינגס,
און בלעטער בליען וועלן אויפדאָסניי.

# אויף מיין מאַנ׳ס קבר

אויסגעלאָשן האָט זיך די זון אין העלן טאָג
איבער מיין מאַנ׳ס פרישן קבר.
דעם חזנ׳ס אל מלא, די זינ׳ס ערשטער קדיש זאָגן —
געגרווילט ס׳האָט אין מיר יעדער אבר.

אַלץ וואָס דאָס לעבן האָט מיר געגעבן,
גערויבט פון מיר האָט איצטער דער טויט.
כ׳זע זיין נשמה אין די וואָלקנס דאָרט שוועבן,
אַ כמאַרע אַ שוואַרצע אַרום מיר איז פאַרשפּרייט.

אַ ליכטיקע זון אין נעפּל איז פאַרשוואונדן
פון מיין ליכטיקן שיינענדיקן האָריזאָנט.
אין מדבר האָסטו מיך איבערגעלאָזט, מיט בלוטיקע וואונדן,
אויף פרעמדע וועגן אומבאַקאַנט.

וואַקלדיק, געבויגן, פון קבר בין איך אָפּגעטראָטן —
געבליבן מיין נשמה איז אין קבר מיט אים דאָרט,
די יאָרן ליבע, האַרציקע, אין איינעם איינגעקנאָטן,
די נשמה אַ צעריסענע געפינט מער ניט קיין אָרט.

טרויעריק, פינצטער ווי נאַכט איז מיר געוואָרן,
כ׳רייס פון זיך און צופּ, מיינע אויגן אין וויטיק אָפן;
איך צאַפּל זיך און וואַרף זיך, טרויעריק און פאַרלאָרן,
פון אַנגסט און צער מיין מוח ווערט איינגעשלאָפן.

פלוצלונג וואַך איך אויף, אפשר גאָר איך חלום:
וואָס איז דאָס אַזוי פינצטער אין מיטן העלן טאָג?
גאָט, גיב מיר צוריק מיין ליכט, מיין רו, מיין שלום!
כ׳מורמל שטיל אַ תפילה, כ׳וויין, און בעט, און זאָג:

פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ שווערע שטראָף, אָ, גאָט!
האָב איך דען אַמאָל דיין הייליקייט פאַרשוועכט?
טריי האָב איך געהיט דיין הייליקן געבאָט,
אומרעכט פאַרמיטן, און געטאָן נאָר וואָס איז רעכט.

געגאַנגען בין איך אין דיינע גלייכע דרכים,
געפילט דיך מיט מיין יעדן גליד און אָטעם־צוג.
איך בעט ניט קיין שכר און ניט קיינע שבחים —
דאָך דיין שטראָף איז האַרב און ניט יושר'דיק גענוג.

אין מיין שווערן לעבן איצט, אין מיינע ביטערע ליידן,
וויל איך אַ חשבון, גאָט! אַ חשבון מיט דיר אַליין:
האָסטו באַדאַרפט אַזוי פּריצייטיק אונטערשניידן
דעם וואָרצל פון מיין לעבן — ביזן רעכטן ביין?

האָסט אַלצדינג, גאָט, פון מיר צוגענומען,
מיך אין קלעמעניש, אין ווייטיק איבערגעלאָזט.
נאָך טריפט די וואונד, און פרישע וואונדן קומען,
פון צער פון פּלאָגעניש איך ווער ניט אָפּגעלאָזט.

האָסט אויף מיר אָנגעשיקט איוב'ס צרות —
פאַרוואָס? פון מחשבות בייזע ווער איך פאַרצוקט.
מיין מידער מוח צוביסלעך מאַכט שוין פּשרות,
מיין האַרץ אָבער בלוטיקט, איז אין ווייטיק איינגעטונקט.

וואו נעמט מען כח צו שטיין דער צייט אַנטקעגן,
די גרויליקע טעג, און שלאָפלאָזע נעכט?
מחשבות אין מידן מוח זיך ראַנגלען און פרעגן:
שיקזאַל, שיקזאַל, בלייב איך איצט דיין קנעכט?
שוואַך און אָפּגעטעמפּט זיינען מיינע גלידער,
מיינע חושים, פון דעם גרויזאַמען בראָך.
טרערן און טרערן קומען ווידער און ווידער,
באַגלייט פון צווייען דעם וויי און דעם אָך.

אָ, לעבן! דו האָסט דאָך מיר געגעבן
דעם פולסטן בעכער פון גלויבן און גליק —
פאַרוואָס האָסטו ביים שוועל פון לעבן
געשטויסן מיך אין אָפּגרונטן צוריק?

כ'שטיי ביי מיין מאַנ'ס פרישן קבר
מיט געבויגענעם קאָפּ — אין האַרצן איין פאַרלאַנג:
איינזאַפּן אין זכרון זיין געשטאַלט, יעדן אבר,
און ניט צו פאַרגעסן אים מיין לעבן לאַנג.

# ראַביי וויז

פּאַמעליך, שטיל, באַוועגט האָט זיך דער ארון,
אַ גרויסער מענטש געווען, און אַן אמת׳ער ייד.
מיר האָבן אין אים פיל, פיל פּאַרלאָרן.
און טרערן הייסע זיי פליסן מיט דעם אל מלא ליד.

צו גרויס דער ווייטיק! ס׳העלפן ניט קיין טרערן.
פּאַרשוואונדן אונדזער העלסטער זונען־שטראַל.
ברייט און טיף דער חלל פון זיין ניט ווערן,
עס פעלט דער בראַווער קעמפער פאַר ישראל׳ס כלל.

דער גרויסער מייסטער פון מעכטיקן וואָרט.
פון אמת, פרייהייט אומדערשראָקענער טשעמפּיאָן!
שטורעמדיק האָט ער באַטראָטן יעדן נויטיקן אָרט, —
ווען גורל פון פאָלק, געשטאַנען איז אין קאָן.

בראַוו און מוטיק, ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג,
געקלאַפּט האָט ער אין אַלע פענצטער, טירן;
זיין גייסט, אומדערמידלעך, זיין טראַכטן ערלעך, קלוג —
געקעמפט האָט ער ס׳פאָלק פון גלות אַרויסצופירן.

אַ שטאָלצער, אַ געוואַגטער, אַלס מענטש און ייד,
געמאָנט האָט ער יושר אויף׳ן העכסטן קול;
געמאָנט אַ היים פאַר די פאַרפאָלגטע. זיין יעדעס גליד —
געוואָרפן האָט זיך אונטערן שווערסטן גלות עול . . .

געגאַרט האָט ער און געהאָפט אויף אַ זיג,
אויף דר. הערצל׳ס אויסגע׳חלום׳טן וועג;
און ווי אַ מוטיקער קעמפער, אין גערעכטן קריג,
געפירט האָט ער זיינע אַרמייען צום געוואונטשטן ברעג.

אַ פייערדיקע ליבשאַפט צו דעם לאַנד ישראל,
האָט געפלאַקערט אין זיין מעכטיקער ברוסט;
פונקען פון גייסט געשפּרייט האָט ער איבער באַרג און טאָל;
געצונדן און געוועקט צו ווערן ייד באַוואוסט.

טאָ זאָלן מיר ניט פאַרגעסן דעם טאָג,
ווען ער האָט, ווי אַ שטערן הויך, צו אונדז זיך אַנטפּלעקט;
אויך דעם טאָג פון לעבנס־ענד, דעם עפּילאָג,
ווען ערד האָט אים פאַרשלונגען, פאַרדעקט.

דער גרויזאַמער טויט האָט אַוועקגענומען,
די געשטאַלט וואָס איז טייער אונדז געווען;
דורך זיינע נביאות פיל הילף איז אונדז געקומען,
ווי אַ נביא די צוקונפט — האָט ער אַלץ פאָראויסגעזען.

איין טרייסט פאַר אונדז געבליבן איז דאָ,
דער גייסט פון טרעגער, פון לעבענס־שווערער קייט, —
ער'ט זיין מיט אונדז בכל יום ובכל שעה,
ביז ליכט פאַריאָגן וועט דעם חושך און די נויט.

# רבי פּעלשין

פּלוצים געקומען איז דער גרויזאַמער היינט,
און האָט אונז באַרויבט פון אַ טייערן פריינד.

אומבאַוועגלעך ליגט זיין ליכטיקע געשטאַלט,
זיין וואַרעם האַרץ פאַרפראָרן איז און קאַלט.

פאַרלאָשן זיינע אויגן — דער זוניקער פונק,
זיין קינדערשער שמייכל, זיין ליכטיקער וואונק . . .

זיין זיסער מויל וועט מער ניט קענען בענטשן,
ניט זאָגן מער „שאַלאָם״, קיין ברכות צו מענטשן.

זיין ליבשאַפט צו אַלעמען — אָרעם און רייך,
צו אַלץ וואָס לעבט און באַוועגט זיך גלייך, —

זיין האַרץ און נשמה האָט תמיד געדורשט,
נאָך גוטסקייט, שיינקייט — דער געטלעכער לוסט.

געלויכטן האָט זיין וועזן העל ווי אַ ליכט,
ווי די שכינה וואָלט באַשיינט און באַהעלט זיין געזיכט.

ס׳האָט די זון פון דער וועלט, געשיקט אַ שטראַל,
צו באַלויכטן און שיינען אויפן יחיד און כלל.

געבאָרן א גיבור דאָך צאַרט אין נאַטור,
פון קנאה, גאוה, בייזקייט — ניט קיין שפור.

אַ מוסטער פון גוטסקייט צו גרויס און קליין
געלעבט און פאַרגאַנגען אין שלוה ריין . . .

טיף איז דער ווייטיק, גרויס דער פאַרלוסט,
ס׳שפּאַרן זיך טרערן אַרויס פון מיין ברוסט.

ס׳וויינען די קינדער, ס׳וויינען די פריינד,
פון צער פלאַמט די זון, ברענט אומעטיק היינט.

די זון וויינט אויך, און ווישט אירע גאָלדענע אויגן,
דער הימל איז בלוילעך־בלאַס און געבויגן,

אַריבער דעם פרישן צעגראָבענעם קבר,
וואָס גרוילט און ווייטיקט יעדן אבר.

דאָך נאַטור איז שטאַרקער, זי גיט דעם מענטש זיין פּאַך,
די ליבע צום לעבן, די פרייד פון זיין, דעם לאַך,

און דער וואָס געשעפּט האָט פרייד יעדע מינוט,
שבחים געזונגען צום באַשעפער פון גוט.

צו אים געריסן זיך האָבן שטראַלן אין אָפענעם גרוב.
צו באַלייכטן זיין וואוינונג, די אייביק-פינצטערע שטוב.

דאָס זאַמד אַרום דעם קבר איז גאָלדיק העל,
די פייגעלעך קניען אויף זיין אייביקער שוועל.

און נאָך די אבלים'ס קריעה רייסן אין פּיין,
איז דער ווייסער אָרון אין קבר אריין . . .

זאַמד האָט פאַרשאָטן זיין אייביק געצעלט,
און ביימער, גראָזן מיט אונדז האָבן שבעה געשטעלט.

טיף-געריהרטע אַבלים שלינגען איין די טרערן
איבער דעם גרויסן מענטש, דעם פאָטער'ס ניט ווערן,

דעם למדן וואָס האָט זיין גאַנצן לעבן-לאַנג —
פאַרוואַנדלט ליידן אין זון-שיין און געזאַנג.

## צו עלאָין . . .

עס ברענען לאָמפּן, שבעה לאָמפּן,
ביים בעסטן פריינט מיינעם אין שטוב;
ערשט געלעבט, גערעדט, געשמייכלט —
און אַט ליגט ער שוין אין גרוב.

אַ גוטער, ליבער מענטש געווען,
אַ רב׳ס אַ זון געווען מיין פריינט,
מיט שיינע מדות, שטיל און איידל —
מען זיצט שוין שבעה נאָך אים היינט.

עס זיצן שבעה זין און טעכטער,
פול מיט ווייטיק, שמאַרץ און פּיין;
פאַרלאָרן זייער גוטן טאַטן,
וואָס וועט מיט דער מאַמע זיין?

די מאַמע זיצט אין שוואַרצן טרויער,
בלייך, פאַרוואָלקנט מיט גרויע האָר;
טיף פאַרזונקען אין זכרונות,
ציילט און חשבונ׳ט יעדן יאָר . . .

געוועלקט, געוויאַנעט די אַלע יאָרן
ווי געלע בלעטער פון אַ בוים,
דאָך געווען איז ליב און טייער
זייער ביידענ׳ס זיסע היים.

זיין גרויסע ליבע צו די קינדער,
צו זיין פרוי און צו זיין הויז;
אָפּגעהיט ריכטיק זיינע פליכטן,
געאַרבעט שווער יאָר איין, יאָר אויס.

זי לופטערט דורך די אַלע יאָרן,
אַוועקגעפלויגן איינס נאָך איינס.
גוטע יאָרן, שלעכטע יאָרן —
ס׳איז שוין איצט אַלץ איינס!

וואָס קען איצט דאָס לעבן ברענגען?
קען ווער מאַכן דעם בראָך דען גאַנץ?
דעם טייערן מאַן שוין אָנגעוואָרן,
ניט דערצויגן ביזן לעצטן טאַנץ.

גרויזאַם, גרויזאַם איז דאָס לעבן,
עס שפּילט אונדז צו זיין לעצטן שפּיל;
עס גיט אַ שיין די זון אין פענצטער,
אָבער ניט אויף לאַנג און ניט צופיל.

אָפּגעטעמפּט דאָס האַרץ פון ווייטיק
טרערן פאַלן פון די אויגן.
זי קלאָגט אויף איר בעסטן חבר,
און אויף די יאָרן וואָס זיינען פאַרפלויגן.

און די לאָמפּן ברענען, צאַנקען,
גוססן, און טוען זיך אַליין פאַרלעשן:
אָבער דעם גוטן מאַן, און גוטן טאַטן —
ווער קען, ווער קען אַן אים פאַרגעסן?

## סעמועל גאָלדינבורג

שטיל און לאַנגזאַם פליסט דער האַדסאָן,
גרוי און טונקל איז די נאַכט.
ס׳בלאָזט דער ווינט אַ טרויער־ניגון,
און צופּט די בלעטער מיט זיין מאַכט.

פאַר׳יתום׳ט שטייען דאַרע ביימער,
די צווייגן דינע ציטערן פון ווינט.
בערג צעקנייטשטע געלע בלעטער
וואַלגערן זיך אויף ערד אַצינד.

עס שוועבן וואָלקנדיק געשטאַלטן,
פאַרביי דעם לאמפּ׳ס געלן שיין;
נאָר איין געשטאַלט איז ניטאָ מער,
קומט שוין מער ניט, וועט מער ניט זיין.

ניט מער אַנטפּלעקן וועט זיך זיין פּנים
אין דער פינצטערניש פון נאַכט,
מיט זיין ברייטן זיסן שמייכל
וואָס האָט אַזוי פיל פרייד געבראַכט.

זיין גאָלדיק־שטיפעריש קינדעריש געלעכטער,
אַריינגעריסן האָט זיך אין יעדנס ברוסט;
זיינע אויגן — אַ גארב פון שטראַלן,
געוועקט זיי האָבן צו לעבנס־לוסט.

זיין טיפע ברויזנדיקע נשמה
געקאָכט האָט, געזאָטן ווי דער ים.
אין געראַנגל אייביקן פון מחשבות,
פון הימלען הויכע און ערדישן צאַם.

זיין שטורמיש האַרץ — אַ לייב אין קייטן
האָט זיך געריסן אין מעכטיקן געפיל.
עס האָט אים געהויבן און געטראָגן
צו אַן אומבאַוואוסטן ווייטן ציל.

געמורמלט האָבן זיינע ליפּן,
שטיל געברומט אַ טרויער ליד:
זיין גרויסע וואַרעמע נשמה
אַרויסגעהויכט האָט פון יעדן גליד.

זיין געשטאַלט אַ מוסטער פון שיינקייט
אַ קונסט-ווערק זיין געבוי אַליין:
זיין הויכע מאַיעסטעטישע פיגור,
זיין בויג, זיין טראָט — פאַרקערפּערטער חן.

זיין זיסער מויל און צויבערדיקע ליפּן,
פון ווערטער האָבן גאָלד געמאַכט.
זיין רייכע שטימע — האַרפן-קלאַנגען
פאַרוויגט זי האָט ווי צויבערמאַכט.

אָט דער שטראַל איז אויסגעלאָשן.
פאַרשלאָסן אויף אייביק די שיינענדיקע אויגן.
אַ העלער שטערן האָט אונדז באַלויכטן —
איז אָבער שנעל אַוועקגעפלויגן.

איך שטיי און קוק אַרויס פון פענצטער,
אויף הימל, וואַסער און אויף ערד.
באַטראַכט אַלצדינג וואָס לעבט זיך אייביק
נאָר דער מענטש, אוי וויי, האָט ניט קיין ווערט.

איך זע דעם נאַכטיקן האָדסאָן
אין אַ טונקעלן נעפּל פאַרצויגן;
די דאַרעביימער ווי אַבלים שטייען.
און ס'פאַלן טרערן פון מיינע אויגן . . .

# הייד פּאַרק

## (צו רוזוועלט׳ס ערשטן יאָר־צייט)

אין דעם אומשטערבלעכן גרינעם גאָרטן
אין זונשיין בליען בלומען אַרום און אַרום;
אַ שטערן פון הימל געפאַלן איז דאָרטן,
און באַלויכטן דעם חושך און צער אומעטום.

אין דעם גרויסן גאָרטן איז אַ קינד געבאָרן,
זיין געטלעכע שטימע האָט די וועלט דערהערט;
יענער טאָג איז פאַר אונדז געבענטשט געוואָרן,
ווייל פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט — איז אונדזער דור באַשערט.

צעשטראַלט האָט זיך זיין וועזן ווי אַ זייל פון ליכט.
זיין גוט הארץ האָט ער דער וועלט אַנטפּלעקט;
די שכינה האָט גערוט, געשיינט אויף זיין געזיכט,
צו ברודער־ליבע תמיד ער האָט די וועלט געוועקט.

אומבאַפלעקט און אומבאַרירט פון זיין גאָלדענער וויג,
פון לוקסוס רייכקייט וואָס האָט אים דערצויגן;
ער האָט געקעמפט — און איז געפאַלן אַ טאָג פאַר׳ן זיג.
צום ליכטיקן וועג עס האָט זיין נשמה געצויגן.

אָבער ווי אַלע גרויסע פירער האָט ער ניט דערלעבט די פרייד,
אַרויפצוקלעטערן דעם שווערן לייטער פון שלום;
צו פרי האָט גאָט אים מיט אונדז צעשיידט,
מיר זאָלן צוזאַמען מיט אים פאַרווירקלעכן זיין חלום.

דער גרויסער מענטשנפריינד איז פון אונדז פאַשוואונדן,
אָבער ניט אַוועק מיט אים איז זיין הייליקער לעבנס־ציל;
שטאַרקע פעדים האָבן אונדז צו אים געבונדן,
צו זיין וואַרעם האַרץ און מענטשלעכן געפיל.

דער נאָמען רוזוועלט וועט אייביק, אייביק לעבן,
ניין! ער איז ניט געשטאָרבן אַ יאָר פון היינט;
ער איז דאָ מיט אונדז די צוקונפט אויסצוואוועבן
און מאַכן פון שונאים בעסטע פריינד.

אייביק, אייביק קלינגען וועלן זיינע גאָלדענע ווערטער,
זיין ליכטיקע געשטאַלט וועט מען געדענקען לאַנג;
ביז אמת וועט פאַרנעמען דעם שקר׳ם אַלע ערטער,
און אָפּשטעלן די פאַלשקייט אויף יעדן טראָט אין גאַנג.

היינט איז דער יאָר־צייט פון זיין ניט ווערן,
בלויז קערפּערלעך — אָבער ניט אין גייסט;
עס איז ניט קיין צייט פאַר טרויערן און קלערן,
טאָ לאָמיר אָפּהיטן זיין צוואה, מוטיק און דרייסט.

זיין גייסט וועט אונדז פירן און באַגלייטן
צו א נייעם מאָרגן — עס וועט ניט נעמען לאַנג.
מיט שוויים און טרערן האָבן מיר פאַרזייט,
אָבער שניידן וועלן מיר מיט פרייד און געזאַנג.

# ביי רוזוועלטס קבר . . .

דעלאַנאָ רוזוועלט! גרויסער מענטש פון וועלט
קענסט רואיק ליגן אין דיין אייביקן געצעלט;
ביים האָדסאָן רוסטו, אין דיין קינדהייט־היים,
דאָרט שוועבט דיין גרויסע נשמה עד היום.

כ׳שטיי אַצינד אין הייד־פּאַרק ביי דיין קבר,
מיט ערפרוכט, ליבשאַפט אין מיין יעדן אבר,
טיף געבויגן — מיינע אויגן גיסן טרערן,
אויף פריצייטיקן טויט — דיין ניט ווערן.

זע, פון פריסטן זון־אויפגאַנג אין באַגינען,
צו הייד־פּאַרק עס ציען זיך מאַשינען,
אַנצאָליקע עולי־רגל מורמלען דאָ אַ תפילה,
בעטן ביי דיר פאַרגעבונג, און מחילה.

מיר זיינען ניט ראוי דיך צו באַזיצן,
האָסט געוואָלט די וועלט אַליין באַשיצן,
מיט וואַרעמקייט, ברודער־ליבע און טיפן פילן —
ווער קען איצט דעם גרויסן ווייטיק שטילן?

צו פרי האָסטו אונדז איבערגעלאָזן,
אין מדבר, וואו בייזע ווינטן בלאָזן;
בלאָנדזשן מיר אויף דיינע ניט דערגאַנגענע וועגן,
אָן אַ פריינד, אָן אַ פירער, וועמען זאָל מען פרעגן?

איצט גרויע וואָלקנס זיך ווידער שפּרייטן,
ביסט מער ניטאָ אונדז צו באַגלייטן,
אַרויסצונעמען פון די אייזערנע נעצן,
פון וואַלדיקן ברום און טיגער־געזעצן.

שטיי אויף פון דיין קבר, דו גרויסער מענטשן־פריינד!
דיין תחית־המתים, זאָל זיין, זאָל ווערן היינט;
לאָז פילן דיין קראַפט די געטלעכע נאָכאַמאָל.
לאָז ווידער הערן דיין דונער־קול.

שטיי אויף! העלף אונדז פון דעם טליענדיקן פייער!
האָסט באַצאָלט פאַר פרידן זייער טייער:
געפלויגן איבער לענדער פיל און ימ׳ען,
צו ברענגען די גאַנצע וועלט צוזאַמען.

האָסט פאַראייניקט, אחדות געשלאָסן,
די מלחמה־פלאַמען אויסגעלאָשן;
געוועקט, געוואַרעמט, הערצער און מוחות,
ביז׳ן לעצטן אָטעם פון דיינע כוחות.

שטיי אויף! גרויסער פינקלדיקער שטערן,
ס׳איז קיין צייט ניט איצט — דיין ניט ווערן;
די וועלט איז נאָך טונקל ווי די נאַכט,
די פירער פאַלש געברויכן זייער מאַכט.

דיינע מענטשלעך הייליקע זיטן,
אונטער די פיס טרעטן פאַראַזיטן.
דיין ריינער נוסח פון די פרידן־כללים
געפינט ניט אפילו קיין רגע שלום.

שוואַרצע כוחות מערן זיך און מערן,
דיין וועג צו שלום זיי צעברעכן, צעשטערן.
דיין שווערער מי, דיין טאַט און וואָרט,
גיבן די הערשער ניט קיין אָרט.

אַלע לענדער, גרויס און קליין,
וועלן מוזן אין מלחמה גיין;
עס וועט גיסן זיך בלוט, גאַנצע קוואַלן,
און יונגע זין אין שלאַכטן וועלן פאַלן.

ס׳איז דיר שווער אין קבר ליגן,
ווען בייזע שונאים אין דרייסטקייט זיגן,
ווען דיין תורה ווערט צעטראָטן,
און דו ביסט ניטאָ זיי צו פאַרבאָטן.

אָבער ס׳וועט ניט העלפן דאָס העצן, קריגן,
די פיר פרייהייטן וועלן זיגן.
דיין קומען איז געווען אַ ליכטיקער שטראַל,
דו וועסט בלייבן מיט אונדז איבעראַל.

באַלויכטן האָסטו אונדזער דור,
ס׳איז ניטאָ צו דיר קיין פּאָר,
דיין נאָמען וועט קלינגען אין אַלע צייטן,
מענטשן וועלן גיין אין דיין וועג באַפרייטן.

## כ'וויל בעסער חלומ'ען

אין אַ גרויען פרימאָרגן, אין געגנוואַרט דעם פוסטן,
געלעגן בין איך אין בענקעניש פאַרזונקען;
כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט פון אַ חלום אַן אומבאַוואוסטן,
און עמיץ אין מיין שויב האָט געקלאַפּט, געוואונקען.

אַ צעבראָכענע, אַ מידע, מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן,
פון טעג פאַרלאָפענע אין טרוימען האָב איך געטראַכט.
זיסע קלאַנגען באַרוישנדיקע האָבן מיך געוועקט, געצויגן,
און — אויפגעכאַפּט איך האָב זיך פון אַ פלאַנטערדיקער נאַכט.

אַ פויגל האָט געפּיקט אין מיינע גרויע שויבן.
געקלונגען מיר אין אויער עס האָט זיין צויבער־קול;
געזונגען האָט ער פון האָפנונג, מוט און גלויבן,
אַז לויטערער פרימאָרגן וועט קומען נאָך אַמאָל.

ערגעץ ליגט דאָס גליק אין גאָר ניט וויטע וויטן,
די צוקונפט פאַריאָגן וועט די וואָלקן־גרויע טעג.
אין מיינע פינצטערע שויבן, אין קומענדיקע צייטן,
אַריינשיינען וועט די זון און באַלייכטן מיר דעם וועג.

געזונגען האָט דער פויגל זיין זיס געזאַנג,
דער צאַרטער ניגון האָט אָנגעפילט מיין האַרץ מיט פרייד.
פאַר'כשופ'ט האָט ער מיך מיט זיין צויבער קלאַנג
אין היפּנאָז פון פרייד — כ'האָב מער ניט געפילט קיין לייד.

די שוואַרצע שאָטנס זיינען זיך צעפלויגן,
געוואָרן איז ליכטיק אַלץ אַרום מיר;
אַוועק דער פלאַנטער, און מיט פאַרמאַכטע אויגן
געהערט האָב איך די צוקונפט קלאַפּן אין מיין טיר.

אויפגעעפנט ס'האָבן זיך די פאַרמאַכטע ברעמען.
איך האָב אויסגעשטרעקט מיינע ציטערדיקע הענט,
דאָס גליק באַשערטע געזוכט אָנצונעמען,
און האָב דערזען פאַר זיך — די שטומע קאַלטע ווענט.

וויל איך שוין בעסער חלומ'ען און שלאָפן,
איידער זען און פילן אַ פוסטן געגנוואַרט.
צו וואָס דער גלויבן און אומזיסטעס האָפן,
אַז „מאָרגן" האָט מיך אַזוי פיל מאָל גענאַרט?

## שלום מיטן שיקזאַל . . .

זי דאַרף שוין ניט קיינעם,
זי זוכט ניט קיין איינעם,
וואָס זאָל קומען און ברענגען איר פרייד;
ס׳איז צו שפּעט צו טרוימען,
פון וועגן פול מיט בלומען,
זי איז גרייט צו פאַרזינקען אין לייד.

זי בויט ניט מער קיין שלעסער,
אין אַ וועלט וואָס איז גרעסער
פון איר זין, איר בליק, און איר טראָט;
זי חלומ׳ט ניט אין שלאָפן,
פון אַ צוקונפט פון האָפן —
אַוועק איז פון אילוזיעס דער גאָט.

זי טוט זיך פאַרצערן,
אין שטענדיקן קלערן
פון אַ לעבן וואָס איז שוין אַוועק;
פון די בליץ־שנעלע יאָרן,
אַליין און פאַרלאָרן,
געלאָזן אין אַ ים אָן אַ ברעג.

אין אַ שיף אָן אַ רודער,
קיין פריינד ניט, קיין ברודער —
אַליין אין איר עלנטער וועלט.
די געדאַנקען פליסן, טראָגן,
ס׳רעדט דער נעכטן, טוט זאָגן:
דיין זון איז פון וואָלקנס פאַרשטעלט.

אין אַן אייז־קאַלטן טורעם,
אין שרעק שטענדיקן פאַר שטורעם,
האָסטו געצאַנקט און געלאָשן זיך ווי אַ ליכט;
געלעכצט נאָך זון־שיינ׳ם אַ פינטל,
אַ בלאָז פון אַ וואַרעם ווינטל,
אַ צערטל, אַ גלעט אין געזיכט.

אַ ווייכן אָטעם, אַ פרישן,
דעם ביטערן געמיט צו פאַרזיסן,
אַ מורמל דורך ליפּן פון ברוסט.
טיפע אויגן וואָס ריידן,
פון צויבער־וועלט, גן־עדן,
און רופן צום לעבן דעם לוסט.

האָסט באַשיצן זיך ניט געקענט
פון די קלעמענדיקע הענט,
וואָס האָבן געצאמט דיין פאַרלאַנג;
אַ קראַפּט אַ געהיימע, אַן אומבאוואוסטער כח,
געטעמפּט האָט דיין מוח,
פאַרשוועכט דעם הייליקסטן געדראַנג.

האָסט אויף זייד זיך געצויגן,
ווי אַ פייגעלע געפלויגן,
צו הויכן דערגרייכן געוואָלט;
אָבער דערנער אויף די וועגן,
פאַרטונקלט האָבן די ברעגן,
און פון זון־שיין אַ נאַכט דיר אויסגעמאָלט.

און איצט, געבויגן פון יאָרן,
אַלץ דורכגעזייט, פאַרלאָרן,
זי וויל ניט קיין גליק מער, קיין פרייד;
זי וויל גרייכן די שוועל,
מיט אַ געלייטערטער זעל,
און לאַנגזאַם פאַרזינקען אין לייד . . .

# כאַפּ זיך אויף . . .

כאַפּ זיך אויף, אָ ליבער, פון דיין שלאָף,
מיין געמיט איז שווער, און ווי די נאַכט — טונקל-שוואַרץ;
תּפילה טו איך, איך בעט און האָף,
געווינען זאָל איך דורך ליידן דיין האַרץ . . .

זעסטו דען ניט ווי שטענדיק עס מורמלען מיינע ליפּן?
גאָט מוז דערהערן מיין געבעט דעם שטילן,
אַלע הימלען וועלן מיינע שטילע טרערן דורכזיפּן,
אפשר וועסטו הערן, אפשר וועסטו דערפילן? . . .

הערסטו ניט דאָס קלאַפּן פון מיין האַרץ?
כ'ציטער אויף ווען כ'זע דיין שאָטן גיין פאָרויס,
אין דער פינצטער ווען נאַכט איז טונקל שוואַרץ,
דיינע אויגן ווי גאָלדענע שטערן שיינען אַרויס . . .

ווען איך הער דיין קול — הער איך די שענסטע מוזיק,
ווערטער פליסן פון דיין מויל צאַרט און שטיל,
איך טראַכט: אפשר וועט גאָט דאָך מיר באַשערן אַביסל גליק,
אָבער בלויז אין חלום לעב איך דורך אַלץ און פיל . . .

ווען דיין מוח צעשפּילט זיך אין טיפסטן געדאַנק,
דיין גאַנצער איך ווערט זוניק און אַזוי ליכטיק צעהעלט;
דאַן דאַנק איך גאָט פאַר דעם זיסן געשאַנק,
וואָס איך געפין זיך נאָענט אין דיין וועלט.

מיין פילן, מיין טראַכטן — איז אַ שפּיל בלויז, אַ טרוים,
צו דיר עס ציט מיך, צו דיין נשמה בלויז,
אין דיין וועלט צעבלי איך זיך ווי אַ בלום,
איך דערהויב זיך צו די הימלען ווי אין גאָט'ס הויז . . .

# אומעט

אומעט גרויער, אומעט שווערער,
וואָס ביסטו אַזוי פאַרליבט אין מיר?
וואו איך קער און וואו איך ווענד זיך,
שטענדיק שוועבסטו אַרום מיר.

ווען וועסטו מיך אַמאָל באַפרייען,
פון דיין חבר'שאַפט דעם שווערן?
שלעכט איז מיר אין האַרץ דיך טראָגן,
איך האָף און וואַרט אויף דיין ניט ווערן . . .

אויף אַלע וועגן גייסטו מיר נאָך,
אויף ים'ען וווייט און אויף יבשה;
אויף שיפן, און אויף באנען,
איך הער די זעלבע אומעט-דרשה.

דו געוועלטיקסט און הערשט איבער מיר,
ביסט טיף אַריין אין מיינע בלוטן;
פילסטו דען ניט מיין האַס צו דיר,
פאַר'ן רייבן מיינע טייערסטע מינוטן?

ווען באַרוישט אין פרייד איך ווער אַמאָל,
און זיסע טענער הער איך שפילן;
ווי אַ שוואַרצער גייסט שוועבסטו פאַרביי מיר,
און טויטסט אין מיר די הייליקסטע געפילן.

אומעט פינצטערער, ווען וועסטו מיך פאַרלאָזן?
ווען וועל איך ענדלעך מיין רו געפינען?
גאָט, נעם אַוועק פון מיר דעם אומעט,
כ'זאָל ווידער מיין חלום מיין גאָלדענעם שפינען.

גאָט, גיב כח מיר זיך צו באַפרייען,
פון אים, וואָס מאַטערט מיך אויף שריט און טריט;
ווי ס'האָט משה רבינו דעם ים געשפּאָלטן,
שפּאַלט אָפּ דעם אומעט מיט דיין שניט.

איך וויל ניט און בעט ניט צופיל פריידן,
די ליידן מיינע זיינען אָבער צו פיל;
איך וויל, אָ גאָט, אַ תיקון דאָך געפינען,
און פריי זיין פון דעם אומעט-שפּיל . . .

# שוואַרצע כמאַרעס

עס זיינען וואָלקנס שווערע אויפ׳ן הימל פאַרשפּרייט
פוילע קריכן זיי ווי חיות איבער׳ן האָריזאָנט;
עס דונערט שאַרף פון אַ טרומייטן־קול באַגלייט,
קולות אין די אויערן האַמערן גוט באַקאַנט . . .

עס גיסט און ס׳פאַלט אַ שווערער שלאַקס־רעגן,
גאַסן זיינען טונקל און שטיל, פאַרלאָזן;
דער ווינט צעאַקערט די ווייט־גרויע וועגן,
ציטערדיקע צווישן ביימלעך, לויפן אום די האָזן.

פון שטאַרקן ווינט שאָקלען זיך די ביימער, צווייגן,
עס פאַלן בלעטער, גראָזן בויגן זיך צו ערד;
פייגל זינגען ניט. פאַרכמורעטע זיי שווייגן.
דער רעגן פאַלט מיט גלאַנץ ווי די שאַרף פון שווערד.

עס הויערן איבער אונדז וואָלקנס דיקע,
זיי פאַרשטעלן פון אונדז די ליכטיקע זון.
צוזאַמענגענומען האָט זיך די שוואַרצע קליקע,
און אַ חושך קומט אַרויס דערפון . . .

די זון, זי קעמפט, און שיקט ברענענדיקע שטראַלן,
דורכצוברעכן די גרויע, שוואַרצע מאַכט;
די שטראַלן ברעקלען זיך און פאַלן,
צווישן ליכט און חושך — אין דעם אייביקן שלאַכט . . .

טראָגט זיך אָפּ איר גרויע כמאַרעס!
די זון אַרויס מוז פּורפּור־רויט!
ברענגען וועט גאָט אויף אייך וויסטע צרות,
און פון מענטש — אַ פלוך פאַר פינצטערניש און טויט.

באַהערשן וועט די זון אייך — זי וועט זיגן!
אירע שטראַלן שאַרפער זיינען ווי די שפּיזן;
דורכשטעכן וועלן זיי אייער שוואַרץ־מיאוס׳ן ליגן,
און שיינען וועט די זון מיט אירע שטראַלן־ריזן.

# שיינקייט

שיינקייט ליגט אין יעדן ווינקל,
ליגט אויף יעדן קער און טראָט;
אָבער דער נאָר זעט דעם צויבער־פינקל,
ווער שיינקייט און נשמה האָט.

שיינקייט ליגט ניט טיף פאַרבאָרגן.
ס׳איז אין הימל און אויף ערד פאַרשפרייט;
אין נאַכט עס לויכט, און אין פרימאָרגן —
עס קוויקט דאָס אויג, און ס׳האַרץ דערפרייט.

פיל מענטשן שפּאַנען אין די גאַסן,
אין גערטנער, פעלדער, אויך ביים ים;
פּנים׳ער מיט פּראָסטיקע גרימאַסן,
מיט ליפּן פאַרזיגלט ווי אין אייזן־צאַם.

זייערע אויגן ברייט און אָפן,
אין ליידיקייט זיי קוקן — ווייט אַוועק;
זיי זוכן, נישטערן, און זיי האָפן —
אויף עפּעס אומבאַשטימטס, אָן אַ צוועק.

שטעלט אָפּ זיך, מענטשן, פון אייער פליען!
ניט דאָרטן איז די שיינקייט אַלעמאָל.
ביי אייער טיר טוען בלומען בליען,
און פויגל לאָזט הערן זיין זיסן קול.

מען דאַרף נאָר קענען טיפער דענקען,
דענקען, פילן, געטלעך רייןן;
און פון שיינקייט חלומ׳ען, בענקען —
וועט שיינקייט אייך אַנטקעגן גיין.

## שטיל איז איצט דער ים ...

שטיל איז איצט דער ים אין נעפּלדיקן חלום,
עס גיט קיין שטראָם זיך ניט קיין ריר, קיין קער;
די זון־שטראַלן באָדן זיך אין שלוה און שלום,
פינטעלעך גאָלדענע שפּרינגען, טאַנצן הין און הער.

עס ליגט דער הימל אויסגעשפּרייט אין בלויקייט, ריין,
ניטאָ קיין וואָלקנדל אויפן גאַנצן האָריזאָנט;
די פייגל אויפן ברעג גראַציעז זיי פליען — מלא חן,
פעלדער גרינע,ביימער — אין גן־עדן מיר דערמאָנט.

אין דער צויבערהאַפטער שטילקייט — אַ געזאַנג איך הער,
שטילע צויבערקלאַנגען, אַ סימפאָניע, מוזיק,
ניגונים וואונדערלעכע אין דער בלויער ספער,
פאַר'כישופ'ן מיין האַרץ מיט נשמה־גליק.

אָט די הערלעכע סימפאָניע שפּילט דאָ אַלע מאָל,
אויפן ים, אויף דער יבשה — מען הערט אַ מיסטישן ניגון;
אָפט הער איך טרויער־טענער אין דעם קול,
און אַמאָל גאָר פיל פרייד טוט אַלץ פאַרוויגן.

אין דעם געטלעכן האַרמאָנישן שפּילן,
הערט זיך אַ מאַמעס ליד וואָס זינגט צו רו און שלאָף;
דערהויבן, געלייטערט ווערן אין האַרצן די געפילן,
עס קומען טעג זוניק־לויטערע פון געניסן — איך האָף.

איך וויל לויבן און דאַנקען פאַר'ן וואונדער,
פאַר'ן באַשאַף דעם גרויסן — וואָס פאַרנעמט דאָס אויג;
כ'וויל דאַנקען פאַר יעדעם גרעזעלע באַזונדער,
פאַר יעדן טראָפּן וואַסער וואָס איך טרינק און זויג.

פאַר דער פייערדיקער זון וואָס גליט און שיינט,
פאַר'ן מילדן ווינטל וואָס בלאָזט און דערקוויקט;
פאַר'ן טיפן ים וואָס איז אייביק ווי דער היינט,
און היילט דעם קראַנקן און זיין שמערץ דערשטיקט.

מיר דאַרפֿן דאַנקען דאָך פֿאַר אַלע חושים גערן,
פֿאַר אַלץ וואָס קומט אין באַריר מיטן לעבן וואָס איז דאָ;
וואָס מער זאָלן מיר דען וועלן, זוכן און באַגערן
ווי די הנאה פֿון הערן, זען און פֿילן יעדע שעה? . . .

שטיל שטייט דער ים איצט און מורמלט צו די מענטשן:
קומט אַלע, קומט, געניסט פֿון מיין אוצר אַליין;
פֿאַראייניקט זיך אַלע אונטער דער זון און טוט בענטשן,
פֿאַר דעם שיינעם וואונדער וואָס וועט בלייבן אייביק שטיין.

קיין שום אַטאָמען־קראַפֿט וועט ניט פֿאַרניכטן
דאָס, וואָס באַשאַפֿן האָט דער כח פֿון נאַטור;
די בייזע שלאַנגען מיט די פֿאַלשע אויסזיכטן
זינקען וועלן אין תהום מיט זייער פֿאַלשער קולטור.

## אַנטקעגן שטורעם

איך האָב דעם ים, איך האָב דעם ברעג,
איך האָב די זון מיט אירע שטראַלן;
שווים איך אין טיפן וואַסער-וועג,
און ציטער — אָט, אָט! און איך וועל פאַלן.

כ׳שטרעק אויס די הענט, פאַרוואַרף דעם קאָפּ,
שווים אונטער דעם גרויסן וואַסער-טורעם.
עס וואַרפט מיך אַרויף און אַראָפּ —
עס שליידערט דער ים מיך ווי אין שטורעם.

איך האַלט זיך אָבער שטאַרק און בראַוו,
ברעך דעם שטורעם וואָס קומט אַנטקעגן;
וואַסער-בערג טומלען ווי אַן ערב רב,
שטורעמען, ברעכן זיך, און זעגן.

אין אימפּעט צום ברעג זיך זיי וואַרפן,
געיאָגט פון ווינט בייזן, געטריבן;
זיי קלאַפּן אין דעם פעלז דעם שאַרפן,
עס ווערן די ריזן אין אַטאָמען צעריבן.

אין אימפּעט שווים איך זיי נאָך,
אויף זיך איך טראָג דעם ים׳ס שווערן יאָך,
און גים זיך צוזאַמען אין מיסטישן יאָגן;
פון אים כ׳ווער געיאָגט און געטראָגן.

אַ רינגעלע בין איך אין דער גרויסער קייט,
אַ זעמדעלע ביי די ברעגן פון ים׳ען;
אַ שטראָמעלע וואָס פליסט און גייט, און גייט.
כ׳וואַרף און צאַפּל זיך, נאָר גיין כ׳מוז צוזאַמען.

כ׳קען ניט בלייבן זאַכט און שטיל,
עס קלאַפּט מיין האַרץ מיט שטורמיק לעבן;
כ׳בין אַ טייל פון מיסטישן לעבענס-שפּיל,
ווי אַ שמעטערלינג טו איך שטענדיק שוועבן.

אַ געהיימע קראַפט יאָגט אַלץ ווייטער דאָרט,
ציט און מאָלט אונדז הערלעכע מיראַזשן;
קיין זאַך שטייט ניט אויף איין אָרט —
אַלץ לויפט אין ווילדן אויסברוך פון עקסטאַזן.

געבונדן איז גייסט, געדאַנק און ווילן
אין מיסטישן באַוועג פון וועלט'ס ראָד־מאַשין;
אַלצדינג רודערט, קען זיך קיינמאָל ניט שטילן —
אייביק שטראָמט עס און ציט אַהין, אַהין.

איך האָב דעם ים, איך האָב דעם ברעג,
איך האָב די זון מיט אירע שטראַלן;
שווים איך אין טיפן וואַסער־וועג,
און ציטער: אָט, אָט — און איך וועל פאַלן.

# מוזיק

מוזיק, אַ מוזיק, ווי וואונדערלעך דיינע הערלעכע טענער,
ס'איז די שפּיל־האַרמאָניע — פון מענטש דערפונדן.
די טענער וואָס פליסן, קלינגען שענער און שענער,
אָט די מוזיק־וועלט האָט מענטש דאָך אויפגעבונדן.

ס'שטראָמען טענער ווי כוואַליעס אין אַ טיפן ים,
ציטערט, פיבערט דורכ'ן בלוט טיף אין האַרץ אַריין.
אַ געטלעכע שפּראַך רעדט צו אונדז אָן ווערטער, אָן שטאַם,
און וועקט און רעגט, און בינדט צונויף אין אייביקייט דאָס זיין!

ס'רוישן שטאַרקער קלאַנגען — און באַלד מילד ווי לופט,
דורך פעדים זיידענע, דורך אָטעם און הענט־באַריר.
עס גיסן טענער זיך פון אַ וועלט־געניוס און רופט
צו פרייד און פרייהייט צו שיינקייט און קולטור.

ווי אַ סקולפּטאָר קלעפּט פון ליים די שענסטע אַנטיקן,
אַ מאַלער אויפן לייוונט זיין שיין קונסט־געמעל —
אַזוי אַנטפּלעקט מוזיק סיי פריידן, סיי גליקן,
פאַרכאַפּט די נשמה איז און שוועבט אָן אַן אָפּשטעל . . .

דער גאָט פון מוזיק איז איבער אַלע געטער,
אַלע מענטשן, אַלע פעלקער, דינט ער ערלעך, גלייך.
בענטשט דעם הייליקן און שטראָפט מילד דעם פאַררעטער,
און לייטערט, גיט געניוס צו אָרעם און רייך.

מוזיק — דאָס איז דער גן־עדן אויף דער ערד באַשאַפן.
צו דערהייבן דעם פּראָסטן און דעם פאַרשלאָסענעם אין זיך,
מוזיק קען קריג צעשטערן, און דעם מלחמה מאַן אַנטוואָפן,
און דעם שקלאַף באַפרייען, דעם עגאָיסט, — פון זיין איך . . .

אָ, מוזיק! דו פאַרבינדסט, פאַרקניפּסט נאַציעס און ראַסן,
גלויבנס, אַנדערשדיקע, צוזאַמען גיסן זיך אינעם קלאַנג;
מוזיק־ליבהאָבער פאַרגעסן שטאַמען און קלאַסן,
בעטהאָווג'ס געטלעכע סימפאָניעס אונז הייליקן מיט געזאַנג.

מילדע טענער גיסן אויס אַ וועלט מיט חן,
פליען גלייך און פליען רונד און דרייען זיך אַרום;
ווי ווינטלעך שפּילן זיי אין בלעטער, גראָזן אין זונען שיין.
און ווי פייגעלעך אין בלויען הימל — די קלאַנגען פליען אום.

און אָט זעען מיר סאָלדאַטן שפּאַנען אין מלחמה־שטרייט.
הויכע טענער קלינגען, טרעטן אין גבורה ווי צו אַ שלאַכט;
פּויקן, קלאַפּן צו אין ריטם פון רוים און צייט,
אַ מלחמה זעט איר דורך קלאַנגען — צווישן שוואַכקייט און מאַכט!

און אָט, — איר זעט און הערט אַ שטורעם־ווילד אויף ווייטע ים׳ען.
דאָס זינקען פון שיפן און טיף געשריי פון קאַפּיטאַנען:
אין מינוטן בלויז — ברענגט אונדז מוזיק אַ וועלט צוזאַמען,
ס׳איז קיין גרעסערער וואונדער פון מוזיק ניט פאַראַנען!

וואָס נאָך קען אַזוי צוזאַמענגיסן אין ליבע־מינוטן,
צוויי הײם־פאַרליבטע ווי קלאַנגען זיסע און געזאַנג?
ווען בענקשאַפט־ווייטיק ציט אויס פון דיר יעדן טראָפּן בלוט,
און ס׳קלאַפּט דיין האַרץ אין באַגער און אין פאַרלאַנג.

אין מוזיק נאָר קענען מיר דאָס אַלץ אַזוי האַרציק פילן,
ווען טענער געטלעכע קומען פון ערגעץ וואו אַרוים.
און וועקן יעדן חוש און אָדער אינעם שפּילן,
און פאַראייניקט הערצער און נשמות אונטער גאָט׳ס הויז.

# וואונדער

וועלט, דו וועלט, דו ביסט דער גרעסטער וואונדער.
ווי פאַרשידן זיינען דיינע רגע׳ס שעה׳ן און טעג;
די אויגן זעען יעדן געגנשטאַנד באַזונדער,
דאָס קלענסטע פינטעלע, יעדעס זעמדעל ביים ברעג.

יעדע זאַך און זאַכעלע, גאַנץ אַזוי, און פאַרשידנאַרטיק,
דאָס האַרץ פילט אַלץ און די אויגן זעען דעם קאָליר;
ווי די שטימונג איז — אַזוי זיינען מיר אַלץ זען פאַרטיק,
אַזוי בייטן זיך אין אַלץ די פאַרבן אָן אַ שיעור.

עס בייט זיך רגע׳ווייז, געדאַנק, געפיל, — אין האַרץ.
אויך אַלץ אַרום און אין אונדז — צאַפּלט זיך כסדר.
די זעלבע קראַפט יאָגט אַלץ און מאַכט פון קלאָרסטן שוואַרץ, —
און עס ענדערט זיך דער לבוש אין אַלץ נייערע קליידער . . .

איין אומבאַוואוסטער כח פאַרבינדט, פאַרקניפּט און מאַכט ווידער לויז.
עס קומט דער מאָרגן און דאַן אָוונט — דאָס ווערן און ניט ווערן;
מענטש און נאַטור צוזאַמען אָטעמט איין און אויס,
דער זעלבער סדר פילט אָן אַלע לערע רערן . . .

באַזונדער לויז איז יעדע בריאה און עלעמענט,
דאָך אַלץ איז איינגעהילט אין איין־איינציקער ראָם.
פרייער ווילן שלאָגט זיך אָן ווי אין אייזן־פעסטן צעמענט.
פריי — און דאָך באַגרעניצט אין שטענדיק שטעכיקן צאָם.

וואָס איז עס אַזוינס, די וויבעראַציע, וואָס לויפט און טראָגט,
אַמאָל גאָר פילט דער מענטש — אַלצדינג ער פאַרמאָגט,
נאַטור און מענטש און מאַכט אונטערטעניק גאָר איינעם ביים צווייטן?
און אָט — ער זעט דעם באַשאַף אַ ווערטלאָזן, אַ טויטן!

עס פילט דער מענטש זיך מעכטיק ווי אַ ניט געצאַמטער לייב,
ער געוועלטיקט איבער ערד׳ס אוצרות און ימ׳ען.
און אָט איז ער שוואַכער, פון אַ פליג, אַ זעמדעלע, אַ שטויב,
ער צינדט אָן, און פאַלט, און ווערט פאַרברענט אַליין אין די פלאַמען...

אַט פליט ער הויך, איבער בערג־שפּיצן און טאָלן,
ער ברעכט און זעגט, אין גבורה שטאַרק דורך גלאָז און שטיינער,
אַלץ איז זיינס, וואָס נאָר זיין מח טוט אים אויסמאָלן,
צום סוף איז ער גאָר דער וועלט׳ס אַ שרייפּעלע, אַ קליינער.

נאַטור און מענטש — איין שטיק צוזאַמענגעגאָסן,
איין געזעץ איז — לעבן, אָטעם, פינצטערניש און ליכט.
איין קראַפט איז —וואָס אָט עס פלאַמט און פון וואַסער פאַרלאָשן,—
עלעמענטן אומזעבאַרע — אויף דער ערד׳ס געזיכט . . .

עס קען דער מענטש אָנצינדן די וועלט אין פייער.
דער מאַרך זיינער האָט אַ קראַפט וואָס עגבערט און יאָגט.
נאָר אַלץ וואָס איז אין אונדז — מוז צאָלן זייער טייער,
איינגעקלאַמערט זיינען מיר אין וועלט׳ס ראָד וואָס וואַרפט און טראָגט.

וועלט, דו וועלט, דו ביסט דער גרעסטער וואונדער,
וויסן וואָלט איך וועלן דיין אָנהייב און דיין סוף.
עס טראַכטן, זוכן מוחות פיל אין יעדן דור באַזונדער,
אפשר וועט די צוקונפט קלאָר מאַכן ווען — איך האָף!

# דער זייגער

ער יאָגט און לויפֿט מיין קליינער זייגער
אָן אַן אָפּשטעל טאָג איין טאָג אויס;
און אויף זיין אייגענעם טיק־טאַק שטייגער
טרייבט די ווייזער: פֿאָראויס, פֿאָראויס!

און ס׳לויפֿן מיט אים מיינע טעג און יאָרן,
מיין גאַנצעם וועזן, מיין אָטעם־צוג.
ערשט אַ גאַסט געלאַדן געוואָרן —
און שוין פֿאַרנעם זיך: פֿאַרווײַלט האָסט דאָ גענוג.

דער קליינער זייגער — מיין גרעסטער שונא.
ער רויבט דאָס בעסטע וואָס איך פֿאַרמאָג;
מיינע פּערל־רגע׳ס, איינע נאָך איינע,
שלינגט זיין טיק־טאַק נאַכט און טאָג.

פֿון מיין עקזיסטענץ, פֿון מיין דאָ זיין,
צופּט ער, רייסט ער שטיק נאָך שטיק,
וואַרפֿט זיי אַהינטער אין תהום אַריין,
פֿון דאָרט זיי קומען ניט מער צוריק.

ווי אַ מחנה שוואַרצע קראָען
אין איילעניש טראָגן זיך ווייט אַוועק,
בליץ־שנעל פֿליען מיינע שעה׳ן,
יאָרן, חדשים, וואָכן און טעג.

מיט זיי פֿאַרשווינדן מיינע יונגע חלומות,
פֿאַרלאַנגען, האָפֿנונגען, צוקונפֿט־פּלאַנען.
מיינע חושים שפּירן פּראָסטיקע אימה׳ס
מערקן דעם סוף׳ס ריזיקע שפּאַנען.

כ׳האָב געקוקט אויפֿן זייגער, געשוויגן —
האָט דאָך מיין האַרץ פּראָטעסטירט:
ביסט ניט אַלמעכטיק, ס׳איז אַ ליגן!
איך וויל ניט ווערן פֿון דיר פֿאַרווירט.

דו קענסט ניט האַלטן מיך אין יאָגן!
וועסט ניט רויבן מיין שיינע וועלט.
צו יעדער צייט איך קען דיך צעשלאָגן,
און דיין לויפן איז אָפּגעשטעלט.

ווען אין שטורעם שטונדן שטייגן,
און איך ווער שטיל, געדולדיק, גוט —
באַפאַלט אַ שרעק מיך דאַן אין שווייגן,
זייגער׳ס טיק-טאַק גליווערט מיר דאָס בלוט.

שטייט ער אויפן טיש שוין וויפיל יאָרן,
און לאַכט מיר פרעך אין פּנים אַריין:
דאָס איז דיין גורל זינט דיין געבוירן,
די ווייזערלעך ווייזן דאָס זיין און ניט זיין.

# איר שרייבער, דענקער און פּאָעטן

איר שרייבער, דענקער און פּאָעטן,
איר וואָס פאַרמאָגט אַ גייסט אַ רייכן;
איר גייסטער גרויסע, איר פּראָפעטן,
ווער קען זיך צו אייך פאַרגלייכן?

הערשער, פירער, גענעראַלן,
ניט זיכער זיינען זייערע וועגן;
פון זייער גדולה אָפט זיי פאַלן,
ווען ס׳גיט דער ווינט אַ בלאָז אַנטקעגן.

אַ זינגער אָפט פאַרלירט זיין שטימע,
אַן אַקטיאָר — זיין בייג און קער,
זיין רעדנער קראַפט — דער מענטש פון בימה,
דער מוזיקער — זיין שאַרף געהער.

טשעמפּיאָנען, פויסט גבורים,
קעניגע פון דער אַרענע —
פריער, שפּעטער — זיי פאַלן כורעים,
און טראָגן זיך אָפּ׳עט פון דער סצענע.

בייז-באָל שפּילער, און אַטלעטן,
ווערט שטייף ביי זיי אַן אָדער חלילה —
קריגן באַלד זיי ווייסע בילעטן,
און מ׳בעט זיי גיין מחילה.

פאַר עלטער אַלץ אַ פּחד שפּירט,
גבורה, פלינקייט, שיינקייט דיטאָ;
יעדער שמשון זיינע האָר פאַרלירט,
איר גאַרטל — יעדע אפראָדיטאַ.

יוגנט ווערט אויך גיך פאַרשוואונדן,
און די ליבע זיך ענדיקט אויך;
פון חלומות בלייבן נאָר וואונדן,
אַלץ צעפאַלט, פאַרגייט ווי רויך.

איר אָבער שרייבער און פּאָעטן —
זיכער אייער וועג און טראָט:
אין מוח באַהאַלט איר גרויסע אוצרות,
כח אין אייער פּען איר האָט.

ווער קען זיך מיט אייך פאַרמעסטן —
אין אייער פּען די גבורה ליגט;
פון אייער ראַנג דעם גרעסטן
ווערט איר קיינמאָל ניט באַזיגט.

פאַר אייער גייסטיק־שאַפן
איז קיין אָפּהאַלט ניט פאַראַנען;
איר לעבט איבער צייט און שטח,
דעם טויט אַליין טוט איר איבערשפּאַנען.

איר זייט אויסער צייט און רוים,
ס'קען גאָר נישט שאָדן אייער שאַפן:
קראַנקהייט, עלטער, טויט אַפילו,
קען ניט טעמפּן רוחניות־וואפן.

איר לאַכט פון קראַנק זיין, פון עלטער שפּאָט איר,
מיט דעם טויט איר טרייבט קאַטאָוועס;
אַ פרידן־פּאַקט געשלאָסן האָט איר
מיט זיין מאַיעסטעט דעם מלאך המות.

איר בלייבט אומשטערבלעך, אומבאַזיגט
ווער קען גיין מיט אייך אין שטרייט?
איר פאַרמאָגט די גאָלדענע פליגל
צו פליען איבער רוים און צייט.

אייערע שעפערישע פעדים
אין אייביקייט איר וועבט אַריין;
קומען און פאַרגיין עס וועלן דורות —
איר וועט אייביק מיט זיי זיין.

# אמעריקע, איך ליב דיך

אַמעריקע, איך ליב דיך און איך בענטש דיך,
אונזער גלאָררייכע פרייע לאַנד.
מיט געבויגענעם קאָפּ שבחים דיר זינג איך,
מיט דיין גרויסן פּרעזידענט באַנאַנד.

גרויס, גיגאַנטיש דיינע מעשים און וועגן.
אַליין געבאָרן דורך פאַרפאָלגונג און נויט,
האָלסטו אָפן דיינע הענט דער וועלט אַנטקעגן;
פאַר׳יתום׳טע, פאַרוואָגלטע אויפנעמען ביסטו גרייט.

פאַר דער גאַנצער מענטשהייט דיינע טויערן זיינען אָפן,
פאַר געיאָגטע, געפּלאָגטע אויף דעם וואַנדער וועג,
וואָס פון קייטן, פון קנוטן זיינען געפלויגן, געלאָפן,
איבער ימ׳ען, יבשה צו דיין גאָסט־פרייען ברעג.

אַ שטיק פון ליכטיקן הימל ביסטו אויף ערד געפאַלן.
עס האָבן דיינע שטערן דאָס פינצטערניש באַהעלט;
דיינע ברענענדיקע ליכט זיי וואַרפן שטראַלן,
דרינגען דורך דעם חושך פון דער גאָרער וועלט.

פאַר דער וועלט אַ מוסטער ביסטו מיט דיין תורה.
ענטוזיאַסטיש, העלדיש קעמפן דיינע זין
פאַר גערעכטיקייט, פאַר פרייהייט, אָן שום מורא,
פאַראייניקט און פאַרברידערט זיי היטן אָפּ דיין דין.

טיף פאַרפונדעוועט דיין לערע איז געוואָרן,
מיט גערעכטיקייט און יושר איז פאַרזייט דיין ערד;
וואַשינגטאָן, לינקאָלן, רוזוועלט, אויף דיין שוים געבאָרן,
אַזעלכע גרויסע שטערן — דיר נאָר איז געווען באַשערט.

אַמעריקע! אייביק ברענען וועט דיין פאַקעל־ליכט
אין דער האַנט פון פרייהייט־געטין אויף דיינע ברעגן.
דער שכינה־שיין וואָס שטראַלט אויף איר געזיכט,
וועט שטענדיק שטראַלן, און באַלויכטן אַלע וועגן.

צו אַט דעם פרייהייט-גייסט וויל איך זיך בוקן, זינגען
שירה צו מיין לאַנד און צו איר הימלישן שר.
אין גיכן וועלן מיר הערן פרייהייט-גלאָקן קלינגען,
שאַלן פון פרייד פאַרהילכן וועלן אונדזער צער.

און זינגען וועלן מיר דאַן דיין „גלאָרי, גלאָרי" ליד
אונטער אונזער שטערן-שטרייפן פאָן דער פרייער;
אָנגעפילט מיט פרייד וועט ווערן יעדענס גליד —
באַפרייטע אַלע וועלן בענטשן דעם באַפרייער.

# מיין נייע וועלט

ווען איך דערפיל אין זיך אַ דראַנג
פאַר שאַפן, דיכטן און געזאַנג,
דאַן שטרעקט מיין האַנט זיך צו דער פען,
און איך פאַרגעס וואָס ס'איז געווען.

כ'בין צופיל מאַט פון פליכטן, זאָרגן,
צו טראַכטן אפילו פון דעם מאָרגן;
איך ליב די זון נאָר ווען זי שיינט,
און פרייד געפין איך נאָר אין היינט.

דער נעכטן קומט ניט מער צוריק.
אַנטהאַלט אין זיך דער מאָרגן גליק?
איך האַלט פון דעם ניט, ליבע פריינט.
אַלץ וואָס ס'איז — איז נאָר אין היינט.

איך וויל ניט זיין מער אין געדריי
פון מענטשן'ס ליאַרעם און געשריי;
ווען מען יאָגט אַהין, אַהער,
ס'איז אַ טייוול־טאַנץ — ניט מער.

און דעם טייוול'ס בייזע קרעפטן
טוט צום מענטשן זיך באַהעפטן,
צו דרייען זיך אין ראָד צוזאַמען,
צערייצט צו צאַפּלען זיך אין צאַמען.

קיניג, פרינץ, און יעדער איינער,
אַלע שקלאַפן, פריי — ניט קיינער,
פון איין מאַטעריאַל געקנאָטן.
יעדער ציטערט פאַר זיין שאָטן.

כ'ריים זיך אָפּ'עט פון די קייטן,
וואָס שמידן איינעם צו דעם צווייטן;
איך וויל זיין פריי מיין גאַנצן לעבן,
אַ נייע וועלט פאַר זיך אויסוועבן.

כ׳וועל איבערלאָזן זיי אין גאַנצן,
און וועל מיין אייגענעם גאָרטן פלאַנצן
מיטביימער, בלומען, אים באַצירן,
פאַר פאַרליבטע צו שפּאַצירן.

כ׳וועל שאַפן פאַר זיך אַ וועלט אַ נייע,
מיט מענטשן גליקלעכע און פרייע,
אָן די דאָזיקע וואָס צעשטערן
הייליק־ליבענדע באַגערן.

אין מיין שיינער וועלט דער נייער
אַ יעדער וועט זיך פילן פרייער;
פרייעס לעבן, פרייע זיטן,
ניט פאַרשקלאַפט פון פּאַראַזיטן.

אַן ענד איך וואָלט געמאַכט צו צוואַנגען.
קלינגען ס׳זאָלן פרייהייט־קלאַנגען.
אַ גן־עדן וועלט וועל איך מיר שאַפן,
אָן הערן און אָן שקלאַפן.

בלויז מענטשן פון גייסט, פון הערצער ריינע
קענען שאַפן אַ וועלט אַ שיינע;
אַ לעבן פון קולטור־פּראָבלעמען
וועט דער נייער מענטש פאַרנעמען.

# שניי

ווען קינדער נאָר דערהערן
אַז עס פאַלט אַרויס אַ שניי,
גלייך פאַרהילכן זיי די גאַסן
מיט זייער לאַכן און געשריי.

איינגעהילט אין ווייסן שלייער
פעלד און גאָרטן, דאַך און גאַס;
באַגייסטערט קינדער קדוש שפּרינגען,
פּנים׳ער לויכטן פול עקסטאַז.

מיט הוילע הענט, אָן העק, אָן מעסער,
פון שניי זיי מאַכן טורעמס, שלעסער,
קנעטן מענטשלעך גאָר אַ זעלטן,
בויען, און מאַכן חרוב וועלטן.

אין יענע אומשולדיקע יאָרן
ניטאָ קיין נעץ, קיין היץ, קיין קעלט;
אַ פרישער רעגן — פריש געבאָרן,
אַ נייער שניי — אַ באַנייטע וועלט.

פראָסט אויף פענצטער — קונסט אוצאָרן,
אייז סאָסולקעס — געשליפענער קרישטאַל.
אַנדערש אויסגעזען האָט אַלץ אַמאָל,
אין יענע יאָרן, קינדער יאָרן.

כ׳בין אויך אַ קינד אַמאָל געווען,
פאַלאַצן זיך געבויט פון שניי;
איין אויגנבליק פון זונען־שיין
צעשמאָלצן האָט זיי איינס און צוויי.

פאַרשוואונדן איז מיין קינדיש גלויבן,
אויך די יונגע, זיסע וועלט.
ווען איך זע אַצינד שניי אויף שויבן,
כ׳הויב אָן ציטערן פון קעלט.

# מאַמעס אמאָל און היינט

אַנדערש האָבן אונדז געלערנט
די מאַמעס אונדזערע פון אַמאָל;
„שטיל, געלאַסן רייד, מיין נחת!
בלויז מיט תורה הייב דיין קול!

ס'רעדט נאָר הויך דער עם־הארץ;
שלאָגן שלאָגט זיך נאָר אַ גוי;
דו, מיין קינד, וועסט זיין אַ למדן —
האַלט זיך איידל, שטיל אַזוי".

היינט אַ מאַמע לערנט קינדער
עפּעס גאָר אַן אַנדער תורה:
„לאָז זיך ניט פון קיינעם טרעטן,
גיב צוריק, האָב ניט קיין מורא!

זאָל דער שונא איצט דערהערן
גלייך דיין הויכן דונער־קול!
זאָל ער דיינע קלעפּ דערפילן!
היינט איז ניט שוין וואָס אַמאָל!

אונדזער שאַנד און אונדזער ווייטיק
זאָל פאַרשווינדן מער ניט בלייבן!
ביז דיין האַנט געוועכטע, שטאַרקע,
וועט דעם פיינט אויף שטויב צערייבן."

## צום נייעם יאָר

קום שוין, קום שוין, נייער יאָר,
ברענג אונדז גליק און פרידן,
רו און אָרדנונג אויף דער וועלט,
און אַ זיכערע היים פֿאַר יידן.

ביסט ביי אונדז אַ גוטער גאַסט,
מיר זיינען מיד שוין פון דעם אַלטן;
געליטן האָבן מיר צו פיל —
געוועזן ניט אויסצוהאַלטן.

יעדע שטונדע, יעדער טאָג,
האָט געקלונגען מיט מלחמה.
איך האָף מיט דיר, אָ, נייער יאָר,
וועט קומען די נחמה.

אַרויסגערופן האָט די וועלט
דער אכזר צו אַ ווילדער הריגה;
אים פֿאָלגן נאָך איטאַליע, יאַפּאַן,
כאָטש ער איז געפערלעך משוגע.

משוגע איז ער אָן אַ ספק —
אַ סאַדאָמיסט און אַ סאַדיסט.
פֿאַרוואָס'זשע לעבט ער אַזוי לאַנג?
דאָס וואָס עס פֿאַרדריסט.

אונדזער גרויסער פרעזידענט,
געזונט זאָל זיין און זאָל לאַנג לעבן,
וועט די נאַצים און פֿאַשיסטן
„פלענטי" פולווער שמעקן געבן.

אונדזער גרויסע לאַנד
וועט צייגן וואָס זי קאָן.
זיי וועלן קריגן די מפּלה
איטאַליע, דייטשלאַנד, און יאַפּאַן.

די רשעים טאַנצן אויס
זייער לעצטן טיוול-טאַנץ.
דער אַלטער יאָר ער נעמט זיי מיט,
און מיר מיט דיר דאָ בלייבן גאַנץ.

## עס טוט ווײ

עס טוט ווײ פֿאַר דער וועלט און די מענטשן,
וואָס פֿילן דעם דרוק פֿון די צאַמען;
וואָס לײַדן אונטער פֿאַרשטיקטע פֿאַנצערס
און ווערן פֿאַרצערט פֿון אײגענע פֿלאַמען.

עס פֿלאַקערט אַ פֿײַער אין יעדענס נשמה —
דאָך מוז מען די פֿלאַמען אײַנשטילן;
פֿון אָפּגרונט אַנטלױפֿן און ניט פֿאַלן,
און דאָס האַרץ אין רײנקײט זיך קילן.

עס שרײַט און עס ברומט אַ שטימע אין האַרצן,
עס רײַסט זיך צום קוואַל פֿון דעם לעבן;
צו לעבן, געניסן — הײַנט און ניט מאָרגן —
אַ וועג זיך אַ פֿרײַען אױסוועבן.

אַוועק זאָלט איר אַלע, איר שוואַרצע משחיתים!
וואָס ווילט איר די שײנקײט צעשטערן?
טיף אין די הערצער איר טראָגט אױך דעם ווײטיק
פֿון דרינגענדיקע ווילדע באַגערן.

קײן אײַזערנע וואַנט און קײן פֿאַנצער
קענען דעם אמת ניט באַהאַלטן;
די גליענדיקע פֿונקען פֿון ברױזיקן לעבן
זײ שפּאַרן אַדורך די פֿינצטערע שפּאַלטן.

און אין דער טיפֿעניש ראַנגלען זיך טענער,
ס'וויל ניט נשמה פֿון קײן זאַך גאָר וויסן;
עס שרײַט און עס רײַסט זיך אַ שטימע אין האַרצן,
צום קוואַל פֿון דעם לעבן דעם זיסן.

# אַ ר ע ג ן

ס׳טריפט און טריפט אַ דראָבנער רעגן
ס׳פאַלן אין געזיכט טראָפּנס נאַסע,
בלאָטיק ווערט די ערד, בלאָטיק אַלע וועגן,
אין דער לופטן הענגט אַ פייכט-גרויע מאַסע.

גרוי, אָנגעבייזערט איז איצט דער הימל,
לאַנגזאַם קריכן וואָלקנס שווערע;
עס שטייען ביימער שטיל ווי אין דרימל.
אַ געדיכטער נעפל — אין אַ וועלט אַ לערע.

אַ טויטע שטילקייט אין די גאַסן,
דער האָדסאָן אומעטיק ער פליסט;
דער רעגן שמייסט אים ווי מיט פאַסן,
אָן אן אויפהער גיסט און גיסט.

נאַס און שוואַרץ זיינען אויך די דעכער.
פון קוימנס ציט און שפּאַרט אַ רויך,
ס׳דוכט אין רעגן שטייגן הייזער העכער, העכער,
ווי פאַרוועלקטע שטיינער גרוי און בלייך.

צערודערט, דערשיטערט מיין געדאַנק, מיין מוח,
שלייפן קלאַפּן, און ס׳קנייטשט זיך דער שטערן;
שווער דאָס געמיט — וואו נעמט מען כח?
גאָרניט בלייבט ווי נאָר זיצן און קלערן . . .

דאָך אין שווערסטן טאָג פון טיפע לײדן,
אַ קערנדל טרייסט פאַרזייט איז פון באַהאַלטן גליק.
די זון קען דעם שוואַרצסטן וואָלקן דורכשניידן,
און ליכטיק מאַכן דעם הימל און די ערד צוריק.

## גיב מיר אַביסל רו...

כ׳בעט דיך זאָלסט מיר גאָרנישט זאָגן,
איך בין איך און דו — ביסט דו!
הער מיך אויף צו קוועלן, פּלאָגן —
אָ, גיב מיר שוין אַביסל רו!

כ׳וועל מיין פליען ניט אָפּשטעלן,
פליען ווייט און פליען הויך!
מיט דיר וועט מיר די פליגלען פעלן,
כחות, מוט, און ווילן אויך!

אָ, פּלאָג מיך ניט, דו וועסט ניט קענען
אָפּשטעלן די האַרץ-געדראַנגען.
ווי די פונקען — גליען, ברענען,
טיף און טיפער די פאַרלאַנגען.

מיין נשמה הויך, דערהייבן
ציט זיך, ציט זיך, הין און צוריק,
און מיט הייליק, טיפן גלויבן,
שטראַלט צו מיר פון ווייט דאָס גליק.

ס׳וועט זיך נאָך דער שטראַל אָפּשטעלן,
באַלויכטן מיר מיין לעבענס-גאַנג,
ס׳וועט אַ פרייד פון ערגעץ קוועלן,
פול מיט ליבע און געזאַנג.

כ׳בעט דיך זאָלסט מיר גאָרנישט זאָגן,
איך בין איך, און דו — ביסט דו!
הער מיך אויף צו קוועלן, פּלאָגן,
אָ, גיב מיר שוין אַ ביסל רו.

# ג ל ו י ב ן

ס׳האָט אַ פילאָזאָף געזאָגט:
הערט אויס איר מענטשן־קינדער,
מיטן גלויבן אין אַ גאָט
איז דאָס לעבן גרינגער.

כ׳קען אַ פרוי, אַ פריינדינע מיינע
וואָס האָט אַ מאַן אַ שיינעם,
גלויבן גלויבט זי אין איין גאָט
און איר מאַן דעם איינעם.

פרויען דרייען זיך לעבן אים אַרום,
וואָס זוכן נאָר זיין האַרץ צו רויבן;
זי זעט און הערט און שמייכלט צו,
ווייל פול איז זי מיטן גלויבן.

געהאַט האָבן מיר „פּראָספּעריטי״
מען האָט געברענט אַ וועלט,
ווייל מ׳האָט געגלויבט מ׳עט ווערן רייך,
זיך אָנשטאָפּן מיט געלט.

צו וואָס טויג אַרבעטן, צו וואָס,
ביי ערד צי ביי מאַשינען?
קויף זיך איין אין וואָל סטריט סטאקס
און דו וועסט גוט פאַרדינען.

מענטשן גלויבן, און מען לויפט
אַ לייכט פאַרדינסטל צו מאַכן;
און דער שטן לויפט זיי נאָך
מיט אַ ווילדן לאַכן.

# כ׳האָב געלעבט אין טעות

כ׳האָב אַלע יאָרן געלעבט אין טעות,
געמיינט כ׳האָב צייט גאָר אָן אַ ברעג;
פאַרשפּילט האָב איך דעם פרילינג און זומער,
זיך אַרומגעוואָרפן מיט יאָרן און טעג.

איצט שטייט דער צווילינג אָסיען און ווינטער —
מיט חוצפה זיי קלאַפּן אין מיין טיר;
כ׳זע זיי אין גאָלד און זילבער מאַנטלען,
זיך רייצן און שפּארן מיט געוואַלד צו מיר.

וואָס ביסטו דערשראָקן? האָסט אונדז ניט דערוואַרט?
מיר זיינען דיינע ניט געווינשטע געסט!
דו ליבסט נאָר פרילינג, גרינקייט, זון־שיין,
צעבליטע בוימער מיט פייגעלעך אין נעסט.

איך געפין באַלד מוט, און שטעל זיך אַנטקעגן:
איר׳ט ניט קענען אַנדערש מיין האַרץ באַוועגן;
אין די קאַלטסטע נעכט — פון פרילינג וועל איך טרוימען,
און בלייבן טריי דעם זומער מיט די בלומען.

איר האָט זיך אַריינגעריסן אין מיין גן־עדן,
און ווילט מיך פון מיינע אילוזיעס צעשיידן;
פון מיינע אויגן דעם שלייער ווילט איר אויפדעקן,
און אַ וועלט פון וואָר פאַר מיר אַנטפּלעקן.

נייך, איך בין אייך מוחל אייערע זאָרגן
איך אַנטלויף פון דעם היינט און פון׳ם מאָרגן
פאַר שנייען, זאַווערוכעס, האָב איך ניט קיין אויגן,
נאָר פאַר בונטע קאָלירן פון אַ זומער רעגנבויגן.

# אין אַ פאַריאָגטער וועלט

איך גיי אַרום, איך דריי זיך אום
אין אַ פרעמדער וועלט — ווי שטום;
אין אַ וועלט, אי האַרט, אי קאַלט
אַז אַ פחד אַזש באַפאַלט.

קומט נאָר אָן דער גרויער מאָרגן,
הויבט זיך אָן אַ טראַכטן, זאָרגן,
מיט אַ לויפן, מיט אַ פלאָגן,
וואָס קוים מען קען אַריבערטראָגן.

ווי נאָר טאָג — גלייך פון באַגינען,
יאָגן, איילן די מאַשינען,
אַזש משוגע קען מען ווערן,
פון דעם טומל, פון דעם שווערן.

און די ראַדיאָ לאָזט ניט טראַכטן,
זי דערציילט פון גרויסע שלאַכטן,
אויפן ים און אויף יבשה —
טאָג און נאַכט די זעלבע דרשה.

און די צייטונגען זיי בייסן,
מיט די גרויסע „קעפּ" זיי רייסן
אויף די אויגן און דעם זינען —
ניט קיין אָרט זיך צו געפינען.

אָ, וואו קען מען זיך באַהאַלטן
פון דעם לעבן האַרטן, קאַלטן;
פון דער וועלט'ס מלחמה-צוואַנגען,
וואָס האַלטן דעם מענטש געפאַנגען?

# ט ר ע ר ן

עס וויינט דאָס האַרץ, עס פליסן טרערן,
גאָר ניט לויז פון זיי צו ווערן;
איינס נאָך איינס זיי טוען פליסן,
מאַכן גרינגער דאָס געוויסן.

אוי, איר טרערן, איר דערלייזער,
וואָס אַמאָל איר פליסט אַלץ הייסער;
איר ווילט ניט בלייבן טיף פאַרבאָרגן,
איר פינקלט ווי דער טוי אין מאָרגן.

איר פאַרדאַרבט אַ שיינעם פּנים,
און איר לאָזט נאָך זיך סמנים;
אַליין פאַרשווינדט איר און לאָזט איבער
רונצן, קנייטשן און גריבער.

אַ ווײַלע ווערט אין האַרצן גרינגער,
מען דערפילט זיך פרישער, יינגער,
און דאָס לעבן איז ווידער ניי,
ווידער יונג, און ווידער פריי.

נאָר עס נעמט ניט זייער לאַנג,
ווידער ווערט אַ בייז געדראַנג;
און אַ נעפּל ווערט פאַרצויגן,
ס׳טרערן ווידער שוין די אויגן.

אָ, מיין האַרץ, האָסט ניט קיין סודות,
שיקסט אַרויס די טרערן עדות.
אָ, מיין האַרץ, מיין קראַנקעס האַרץ,
פאַרוואָס באַהאַלטסטו ניט מיין שמאַרץ?

דו שיקסט אַרויס די ווייטיק-שטראַלן,
עפנסט אויף די האַרצנ׳ס קוואַלן.
ניין, איך וויל ניט מען זאָל זען,
ווי ס׳וויינען אין מיר מיינע ווייען.

## וואָס טוט מען?

וואָס טוט מען ווען צייט באַרויבט אונז אין יאָרן,
און לאָזט אין אונז איבער אַ יונגע נשמה?
עס זעען די אויגן, און עס פילט דאָס האַרץ
אַ דורשט נאָך אַ פונק פון נחמה.

עס פליסן און פליסן געדאַנקען אין מוח.
וואָס געווען — און וואָס אַמאָל וועט נאָך קומען;
געשטרעבט און גע׳חלומ׳ט, שלעסער געבויט אין דער לופטן —
איצטער זיי ווערן צעפאַלן און צערונען.

יוגענטלעך, נשמה׳דיק-פריש בין איך אינגאַנצען,
עס וויל נאַטור מיך נאָכאַמאָל אָפּנאַרן;
אומבאַמערקט, קונציק, פאַרשפּרייט זי די נעצן:
כ׳בין ווידער יונג, פאַרליבט, אומדערפאַרן.

באַשאַפן מיר זיינען נאַטור׳ס פליכטן צו דערפילן,
עס האָט נאַטור אירע צוועקן און געזעצן;
האַלטן מיר און קלאַמערן זיך אין די שטריק פון לעבן,
און זיינען געצוואונגען דעם קאַמף פאַרצוזעצן.

אַ נייער דור שטייט אויף אַ צעבליטער, צעוואָקסן,
עס שפּראָצן די קינדער ווי שיינע בלומען;
זיי פאַרהילכן די אויערן מיט טענץ און געלעכטער,
און לאָזן אונז הערן אַז זיי קומען.

מען דאַרף זיי דאָ האָבן אויף דער וועלט-בימה זיין.
דער שיקזאַל שרייבט און שפּילט זיי די נאָטן.
זיי טאַנצן, זיי יאָגן, מיט היץ און מיט פייער
אויפן וועג וואָס שיקזאַל האָט פאַר זיי אויסגעטראָטן.

די נשמה זי זיגט איבערן פּראַקטישן מוח,
פאַרפירעריש זי מאַכט אונז פאַר שקלאַפן;
אין אייביקן געראַנגל פון פילן און טראַכטן,
דאָס פילן באַזיגט אונז אָן וואָפן.

וואויל צו דעם וואָס שטייגט אין הויכקייט,
וואָס פליט אַליין העכער אויסער רוים און צייט,
וואו וועלט׳ס געראַנגל קען אים ניט גרייכן,
וואו האַרץ און נשמה ווערן באַפרייט.

# דער שטן

ווי שטאַרק ס'איז דער ווילן פון זיין,
ווי גרויס ס'איז די מורא פון גיין אַוועק;
ווי פריילעך איך וויל זיך דאָ מאַכן,
דאָך פרעסט מיך דער אומעט, די שרעק.

די וועלט אַזאַ ליכטיקע, שיינע,
מיט פריילעכקייט פול, און געזאַנג;
אָך, ווי עס ווילט זיך געניסן
פון לעבן ווי אייביקייט לאַנג.

אָבער וואָס וויל ער, דער שטן,
וואָס שוואַרצט זיך און גרוילט ביי מיין טיר?
וואָס אַרט אים, וואָס גייט אים אין לעבן
דאָס לעבן פאַראומערן מיר?

צו וואָס זיך דאָס גריבלען און קלערן
דאָ אָדער דאָרט? בין איך קראַנק?
די ליידן פון גוף זיינען שווער —
פיל שווערער די ליידן פון געדאַנק.

יו״ל שטענדיק דער שטן, דער שונא,
ער מאָלט מיר נאָך שוואַרצער די נאַכט;
מורא'דיק גרויס איז זיין שליטה,
כ'וועך פון אים תמיד באַוואַכט.

פאַרזונקען אין זיסע חלומות
בלייב איך מיר זיצן אַליין;
פלוצלינג דערשפיר איך דעם שטן:
שוועסטער, דו וועסט, דו וועסט גיין.

די וועלט אַזאַ העלע, אַ שיינע,
מיט פריילעכקייט פול און געזאַנג;
אָך, ווי עס וויל זיך געניסן
פון לעבן ווי אייביקייט לאַנג!

# צ י י ט

ווי וועלף אין וואַלד ווינטן וואָיען,
דרויסן איז שטורעמדיק און קאַלט;
די זון פון הינטער וואָלקן גרויען
קוקט אַרוים — און באַהאַלט זיך באַלד.

פויגלען פליען פון די פעלדער,
און עלנט בלייבן גערטנער, וועלדער;
אַן איינזאַמער פויגל ערגעץ שרייט —
אַ בייזער אָנזאָגער פון ווינטער צייט.

ס׳האָבן ניט לאַנג מיט זייער צווייט
פעלדער, וועלדער, לעבנם דערקוויקט;
טויט גרייפט אָן איצט זייער געביט,
מיט אונטערגאַנג עס גרוילט און דריקט.

ס׳האָט די צייט ניט קיין רחמנות,
זי שטעלט זיך פאר קיין זאַך ניט אָפּ;
צעשטערט דאָס שענסטע און דאָס בעסטע,
לויפט און יאָגט אין אַ גאַלאָפּ.

אין איר יאָגן, אין איר פליען,
מוז דאָך זיין אַ זין, אַ צוועק.
זומער קומט, ס׳טוט ווידער בליען,
צייט נעמט און גיט צוריק אַוועק.

אין איר אימפעטיקן לויף
שפרייט זי חורבן און רואינע,
דערנאָך אויפסניי זי בויט אַלץ אויף —
דאָס איז פון אייביק צייט׳ס רוטינע.

ווען בייזע ווינטן בלאָזן דעריבער,
און ס׳גרוילט און שרעקט מיט אונטערגאַנג —
גיב דעם יאוש זיך ניט איבער:
נאָך דעם ווינטער קומט געזאַנג.

ווייל נאָך יעדן גרויסן שטורעם
קומט דאָך וואַרעמקייט און ליכט;
מיר וועלן דאָס שלעכטע איבערקומען,
און ווידער ווערן אויפגעריכט.

# ביים טייך

שטיל און רואיק פליסט דער טייך.
פאַרטיפט אין זיך איך זיץ און טראַכט:
ווער האָט דאָס באַשאַפן אַלץ,
אָט די שיינקייט, אָט די פּראַכט?

און אויף סאַמעט־ווייכע פעלדער,
מיט הויכע בוימער גרין באַצירט,
שיינט די זון און וואַרפט מיט שטראַלן;
אַלצדינג בליט און האַרמאָנירט.

יעדעס גרעזל, יעדעס בלעטל,
אויסגערונדיקט ווי אַ סקולפּטור.
התפעלות פול, אַ פאַרגאַפטע,
כ׳זאַפּ איין די שיינקייט פון נאַטור.

און איך טראַכט: וואָס איז נשמה?
זען, פילן, און פאַרשטיין?
האָט ווער אַזוינס געקענט באַשאַפן
אויב ניט גאָט, נאָר גאָט אַליין?

און באַהערשט פון אָט די געפילן
דאַנק איך גאָט פאַר זיין געשאַנק,
פאַר דעם חוש פון זען, הערן,
פאַר געפיל, און פאַר געדאַנק.

שטיל אין האַרצן טו איך בעטן
פאַר דער שיינער וועלט ביי גאָט:
שאַף אין מענטשן רו און שלום,
אָ, באַווייז אונדז דיין גענאָד.

ס׳האָט דיין כח דאָך באַשאַפן
הימל, וואַסער, און די ערד!
טאָ מאַך די מענטשהייט דיך צו דינען —
ניט צו געלט, צו בלוט און שווערד.

נעם אוועק די בייזע שליטה
קנאה, שנאה, און פאַרדרוס;
זייער לעבן זאָל אויספילן
גוטסקייט, שיינקייט, און געַנוס.

דו האָסט באַשאַפן דיינע פעלדער
פאַר פלאַנצונג, זייאונג, שפייז און ברויט,
ניט פאַר שלאַכטן און מלחמות,
בלוט-פאַרגיסונג, מאָרד, און טויט.

און די טייכן ,און די ים׳ען,
מיט דער פראַכטפול שיינער וועלט
וואָלטן געקענט זיין אַ גן-עדן,
וואו קיינעם גאָדנישט וואָלט געפעלט.

און איך זיץ אין פעלד ביים טייך,
און טו תפילה, בעט צו גאָט,
ער זאָל אַוועקנעמען דעם שטן
מיט זיין בייזן ווילדן שפאָט.

ער זאָל פאַרניכטן אַלע וועגן
וואָס פירן דעם מענטשן נאָר צו זינד;
און זאָל שוין אויפהערן צו באַשטראָפן
זיין געפלאָגט, אומגליקלעך קינד.

# אויפן שייד וועג

אויפן שייד־וועג שטייט דער זומער,
אַ זיי־געזונט ליד זינגט דער ווינט;
אין אַן אומעטיק האַרבסטיקן ניגון,
פון אויג אַ טרער פאַלט און רינט.

קאַלט און בלאַס איז די לבנה,
אין הימל ציטערן די שטערן;
שיידן זיך מיטן זומער,
קיינער איז ניט גערן.

עס ציטערן אויך וואַלד אוןביימער,
געלע בלעטער רייסן זיך און פאַלן;
וואַרפן, דרייען זיך און שאַרן
אַריין אין קאַלטע וואַסער־קוואַלן.

ס'פליען פייגל אין גרויסע מחנות,
די פליגלען ווייט זיי טראָגן;
„ערגעץ צו אַ וואַרעמען זומער"!
אין פייגל־שפּראַך זיי זאָגן:

דער ווינט טראָגט צו די ווערטער
די שפּראַך איז מיר גאָר פרעמד;
נאָר דעם אומעט, וויטיק פיל איך,
אין מיין האַרצן פאַרקלעמט.

ס'שטיקן טרערן מיר אין האַלדז,
ס'האַרץ איז פול מיט שטום געוויין;
ניין, אַ ניין, דו שיינער זומער,
בלייב דאָ, דו טאָרסט ניט גיין.

ס'איז שווער דאָס שיידן זיך מיט דיר,
עס קומט דער ווינטער דאָך מיט שרעק;
אַ זון־שטראַל טוט אַ שיין אַרום מיר,
נאָר דער זומער איז שוין ווייט אַוועק.

ס׳ציטערט אויף מיין לייב, איך פריר,
וואָס, אַוועק איז טאַקע נאָך אַ יאָר?
אַן רחמנות איז די צייט,
שיקט דעם ווינטער פאַר מיר אַ פּאָר.

אויפן שייד-וועג שטייט דער זומער,
מיט רחמנות שטרעקט ער אויס זיין האַנט.
דער אלול-ווינט בלאָזט מיט חוצפה
שפּאַרט מיך צו דער ווינטער-וואַנט.

# ווידער מלחמה

אַ קללה איז ווידער געקומען,
אויף אונדזער פאַרשאָלטענער ערד;
די מענטשהייט איז ווידער פאַרנומען
מיט ביקסן, קאַנאָנען און שווערד.

עס בושעוועט ווידער אַמאָל
פייער, פאַרניכטונג און טויט;
מענער און פרויען און קינדער
פאַרטריבן פון היימען און ברויט.

יאָמער, געוויין אין די גאַסן,
פאַרצווייפלונג-געשרייען „אָ, העלף!"
צערייצטע, צעווילדעטע נאַצים
באַפאַלן די מענטשן ווי וועלף.

טויזנטער לעבנס פאַרלאָרן
אין קאַמף מיט אַ בלוטיקער מאַכט,
וואָס איז די מענטשהייט באַפאַלן,
און שטיקט זי, און וואַרגט זי, און לאַכט.

און איך אַזוי שוואַך, אַזוי הילפלאָז,
אין מיטן דער בלוטיקער שלאַכט,
כ'טראָג זיך אַרום מיט מיין עלנט
ווי טיפער געוויין אין דער נאַכט.

# זאָג מיר וועלט . . .

זאָג מיר וועלט, דו ליכטיקע, שיינע,
זאָג מיר געבענטשטע, דו מאַמעניו ערד,
ווי קענסטו פאַרטראָגן די פלעקן פון בלוט,
וואָס פליסט פון די וואונדן פון טייוול׳ס שווערד?

איך ווייס ס׳איז דיר שווער אַזאַ מענטשהייט צו טראָגן,
וואָס געמאַכט האָט פון דיר אַן אַרענע פון שלאַכט;
וואָס האָט פאַרזייט דיינע וועגן מיט קברים
און דריקט דיך און שטיקט דיך ווי אַן אייזערנע מאַכט.

צו וואָס האָסטו, וועלט, אָט דער מענטשהייט געגעבן
אַ כלי־זין פון טויט אין די הענט?
און ברודער זיין ברודער, ווי קין הבל׳ען
זוכן נאָר מאָרדן און דיין נאָמען מען שענדט.

וואָס האָסטו באַשאַפן דעם פעך און דעם שוועבל,
און אַלע כלי משחית מיט וועלכע מען שיסט?
פאַרוואַנדלט די מענטשן אין חיות, אין בייזע,
און ס׳ווערט אַזאַ וועלט, אַזאַ שיינע, פאַרוויסט.

די גרינקייט צעגראָבן, די וועגן צעשטערט,
די פעלדער פאַרברענט פון פייער און גלוט;
אפילו דאָס ביטערע ברויט וואָס מיר עסן,
קומט פון דער ערד אַ געווייקטע אין בלוט.

ווי לאַנג וועסטו, ערד, זיך האַלטן פאַרשלאָסן,
און לאָזן זיך שלאָגן פון היטלער׳ס רוט?
האַלט אָפּ די באַראַבאַרן פון ווילדן נצחון,
איידער די וועלט ווערט פאַרטרונקען אין בלוט.

עפן דיין מויל און באַווייז זיי דיין גבורה,
פאַרפלייץ זיי מיט פייער און לאַווע און שטיין;
לאָז זיי דורך פייער פאַרזינקען ווי קרח,
ניט בלייבן זאָל אַ זכר פון זייער געביין . . .

# אין אַ חרוב׳ער וועלט

האָסט מיר געגעבן, אָ גאָט, אַ האַרץ און אַ מוח,
גלידער וואָס באַוועגן זיך אַהין און אהער,
און אָפענע אויגן, וואָס בלאָנדזשען און זוכן
אין פּלאָנטער פון לעבן אַלץ מערער און מער.

און שווערע געדאַנקען זיי דריקן און שטיקן,
מחשבות זיך ראַנגלען אָן צוועק און אָן זין;
און ס׳קען ניט מיין נשמה געפינען קיין תּיקון,
או ס׳ציט מיך, און רייסט מיך, און כ׳ווייס ניט וואוהין.

זאָג מיר, נשמה, אין וועלכע מקומות
קען רואיקער ווערן מיין האַרץ, מיין געמיט?
וואו קען איך געפינען אַן אָנהאַלט, אַ גלויבן,
שטאַרקער צו מאַכן די וואַקלדיקע טריט?

וואו קען מען זיך שיצן פון שרעקלעכן פייער,
ווען אַלץ איז אין פלאַמען אַרום און אַרום?
וואו נעמט מען אַ גלויבן, וואו נעמט מען בטחון,
ווען וועלט איז פאַרזונקען אין פינצטערן תהום?

וואָס טויג אַזאַ לעבן, אַ לעבן אָן אינהאַלט,
ווען אַלץ איז פאַרצווייפלט, צעבראָכן, פאַרקלעמט?
און ס׳בלאָנדזשעט דער גייסט אום אויף בלוטיקע חורבות,
אין אַ חרוב׳ער וועלט, ווי פאַרשעמט.

# זאָג מיר, ים . . .

זאָג מיר, ים, דו אייביקער גיבור,
וואָס מיינט דאָס זידן דיינס, דיין ברום?
וואָס זינגסט אַזוי מעלאָדיש דיין אייביקער ניגון,
און רוישט אַזוי סודות׳דיק, מיסטיש־שטום?

איך זע מיט די אויגן די געטלעכע וואונדער,
אַ לעבן פול ברויזן, גבורה און מאַכט;
דעם סוד פון אייביקן שטראָמען און באַוועגן,
וואָס זידט און קאָכט ווי אויף אַ שלאַכט.

כ׳הער דיין צוויבערדיק ריטמיש מורמלען,
אַ געבעט צו דער וועלט זי זאָל דיך פאַרשטיין;
צי אפשר דערמאָנסטו גאָר די זינדיקע מענטשן,
אַז דיך באַזיגן קען נאָר גאָט אַליין?

אָט ברויזסטו אויף אַ שטאָלצער מיט רוגזה,
בייז ווערסטו, גיבור, שטורעמסט —אַ גרויל;
פון טיפענישן רייסטו אַהער צו יבשה,
די וועלט איינשלינגען דו ווילסט מיט דיין מויל.

די וועלט פון באַרבאַרן, פון מאָנסטערס און פראים,
וואָס פאַרפלייצן דיך, אָ ים, מיט מענטשלעכן בלוט;
דיין טיפקייט זיי ווילן מיט מענטש פאַרלייגן,
וואָס פאַלט און פאַלט דורך הענקערישער רוט.

עס פליסן טייכן פון בלוטיקע טרערן,
שטראָמען און רינען אַריין אין דיין שוים;
קייקלען זיך און פאַלן דורך באַרג און טאָל,
אַוועק פון יבשה וואו דער אומגליק איז גרויס.

דערפאַר, אָ ים, ביזטו בייז, וואַרפסט זיך און שטורעמסט,
מיט שוים אין דיינע כוואַליעס — אַ פלוך ברומסטו אויס;
נשמות פאַרפייניקטע ברומען דיר נאָך,
שטימען פאַר׳חלש׳טע שרייען אַרויס.

עס שטורעמט דער ים, און וואַרפט זיינע כוואַליעס,
ערגעץ כליפעט אַ געוויין אין דער נאַכט;
כ׳זיץ ביים ברעג דאָ, פאַרגליווערט, פאַראומערט,
מיט ווייטיק און פחד פאַר דיין ברומענדיקער מאַכט.

## ווען כ'האָב פליגלען

ווען גאָט וואָלט פליגלען מיר געגעבן,
אַנטלאָפן וואָלט איך פון דער ערד,
פון מלחמה'ס פייער פלאַמען,
און פון דער שאַרף פון שווערד.

פון די טויטע אין די גאַסן,
פון די בלוטיק־רויטע פאַסן,
פון דעם טייוול'ס בייזע שליחות,
און פון די נאַצישע רציחות.

פון געפאַנגעשאַפט, פון צאמען,
פון דעם בלוט וואָס פאַרבט די ים'ען,
פון די גוואַלדן, פון די טרערן —
גאָט, וואָס וועט פון אונדז ווערן?

אויף די טייכן, אויף די ברעגן,
פאַלט און פאַלט אַ קוילן־רעגן;
פון די באָמבעס, עראָפּלאַנען,
איז קיין באַהעלטעניש ניט פאַראַנען.

די וועלט איז גרויס און לאַנג און ברייט,
מיר זיינען אומעטום פאַרשפּרייט.
צי הערסטו, גאָט, ניט אונדזער געשריי?
צי זעסטו ניט אונדזער צער און וויי?

מען שלאָגט, מען וואַרפט פון היימען, הויפן,
ניטאָ קיין אָרט שוין וואוהין צו לויפן,
ניט אין וועלדער, ניט אויף ים'ען,
די גאַנצע וועלט זי ברענט אין פלאַמען.

גאָט, צי זעסטו ניט פון דיין הויך,
ווי קינדער צאַפּלען זיך אין רויך?
זקנים, שוואַך און איינגעבויגן,
הייבן אויף צו דיר די אויגן.

וויינען, בעטן, טוען תפילה,
בעטן רחמים און מחילה,
ביישטיין זיי אין די נויטן,
באַפרייען זיי פון שונא'ס קייטן.

יונגע מאַמעס, קינדער קליינע,
אומשולדיקע, פון זינד נאָך ריינע,
זיי וואַלגערן זיך אויף בערג און טאָלן —
פאַר וועמעס שולדן דאַרפן זיי צאָלן?

כ'פרעג און פרעג די אַלטע שאלה:
זיינען דען מיר זינדיק אַלע?
אויב די טאַטעס זיינען זינדער —
דאַרפן ליידן קליינע קינדער?

האָסט דאָך אונדז געגעבן דיין ברכה,
און צוגעזאָגט אונדז דיין השגחה.
וואָס שווייגסטו איצט, ווילסט גאָרנישט זאָגן?
ווי לאַנג נאָך וועט מען אונדז דען פּלאָגן?

שוין צייט באַווייזן זאָלסט דיין וואונדער.
באַשטראָף די רוצחים יעדן באַזונדער,
צעמיש די אַלע היטלער מוחות,
נעם אַוועק פון זיי די כחות.

האַלט זיי צו דער ערד געפאַנגען,
צעטרעט די עקלהאַפטע שלאַנגען;
זייער אָרט זאָל ווערן וויסט,
פון זייער געביין זאָל ווערן מיסט.

# קריגס־פיבער

ווען וועט שוין מלחמה־פיבער אַריבערגיין,
ווען וועלן מענטשן רעדן טעמעס נייע;
זיכער זיין מיט יענעם און מיט זיך אַליין,
פון שרעק פאַר דער שרעקלעכער חיה.

וואו קען מען זיך פון דעם פּחד באַשיצן?
וואו איז אַן אָרט צו אַנטלויפן פאַר אונדז גרייט?
ניט אומקומען, פאַרשוואונדן פון די אַטאָמישע בליצן,
ווייל אַ מבול פון פייער אויף אונדז דאָך גייט . . .

וואו קען מען אויסבויען זיך נח׳ס קאַסטן,
גרויס גענוג די גאַנצע מענטשהייט צו אַנטהאַלטן;
באַפרייען זיך פון די שרעקן און שווערע לאַסטן,
וואו, אָ, וואו, איז דאָ אַן אָרט זיך צו באַהאַלטן? . . .

ניט זען די וואָלקנס דורך די שויבן,
ניט הערן די בייזע ווינטן בלאָזן, ברומען,
קענען זיך אויפהויבן, הויך, הויך פון אויבן,
איידער דאָס פייער־מבול אויף אונדז וועט קומען . . .

ווער קען אונדז פליגלען געבן זיך אַוועקצוטראָגן,
אין אַ וועלט וואו לעבן האָט אַ זין, אַ ווערט;
אַ שטיקל ברויט, איין העמד אויפן לייב פאַרמאָגן,
אַבי פריי זיין און דאָס לעבן — אומגעשטערט . . .

וואו זייט איר קעפּ געניאַלע, דערפינדער גרויסע?
קענט איר ניט אַ נייעם מיטל אונדז געפינען,
וואָס זאָל שטאַרקער זיין פון די אַטאָמען הייסע?
טראַכט, אָ טראַכט און דאָס לעבן האָט אינזינען . . .

זינט ס׳איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן,
מיט אַלע כוחות מיט נאַטור זיך צו פאַרמעסטן,
ניט געלונגען איז נאָך קיינעם אַלע יאָרן,
צו שאַפן, געפינען דעם כוח דעם גרעסטן! —

שטייט אויף פון שלאָף איר, גרויסע מוחות,
נעמט זיך אַלע צו דער נייעסטער מלאכה,
און שאַפט די אייביקע די בעסטע כוחות
צו ברענגען דער וועלט היילונג און ברכה . . .

קומען מוז עס גיכער און געשווינדער,
מען מוז צו דער קריגס־מגפה אַ מיטל געפינען,
ראַטעווען די מענטשן, די מאַמעס און די קינדער,
אַ שטערן אַ נייער אויפגיין זאָל די מענטשן צו דינען . . .

שיפן בויט וואָס זאָלן צום שלום דערשווימען . . .
בריקן בויט אויף אייזן־פעסטע פים;
מיר וועלן דאַן זיך קענען פרייען און באַרימען,
און לעבן וועט זיין געלעבט, זיכער און זים . . .

פאַרגיסן בלוט איז ניט קיין קינדער־שפיל,
דער מענטש וועט ניט דולדן און שווייגן מער,
ער האָט שוין געליטן יאָרהונדערטער פיל,
אַליין ער וויל רעגירער זיין, פון וועלט דער לערער . . .

מען מוז דאָך דעם נייעם מבול פאַרמיידן,
פון טויט קיין שפור זאָל ניט פאַרבלייבן!
אַ דור וועט אויפשטיין וואָס וועט מער ניט ליידן,
און וועט דעם קריג דעם אומזיניקן אויף אַש צערייבן . . .

# אין אַן אלול־פרימאָרגן

ביים ברעג פון ים, און נעפּלדיקן דרימל,
כוואַליעס איצט רוען נאָכן נאַכטיקן ווינט;
ווייסע פּוכקע וואָלקנדלעך — קווייטן אויפן הימל,
די זון — אַ צנועה — טוקט זיך און פאַרשווינדט.

ליידיק איז דער ווייכער ברעג, עלנט און פאַרלאָזן.
זעמדלעך גרויע דרייען זיך אין אַ ברוגז־טאַנץ.
דרום־ווינטלעך מילדע פּייפן צו און בלאָזן —
אַן אלול־ניגון אַ האַרבסטיקן אין געל־גאָלדן קראַנץ.

פייגל גרויע שווימען אום, שטיפן, קרייזן און שפּילן,
הוידן זיך אויף וועלן, און נורען זיך אין מאַמעס שוים;
הייבן אויף די פליגלען, און פליען וואו נאָר זיי ווילן —
פריי פאַר זיי די וועלט, דער שטח — אומענדלעך גרוים.

שיפן טראָגן זיך צו אַלע ווייטע ים'ען,
שלייכן מאַיעסטעטיש זיך דורך וואַסערדיקע וועגן;
כוואַליעס צעפּלאָסענע, צעבראָכענע אין שוימען,
יאָגן איינע די אַנדערע, און וואַרפן זיך צו ברעגן.

האָבן גלייך חרטה, און לויפן שנעל צוריק,
צוריק צום ים, פון בראשית אָן — זייער גן עדן,
וואו אייביק דאָס לעבן רופט, און ציט ווי מיט שטריק,
פון דאָרטן קיין איינציק שטראָמל וויל קיינמאָל זיך ניט שיידן.

אין נעפּלדיקן דרימל זע איך וואונדערלעכע פאַרבן,
שטיל זיך וויגט דעם ים, נאָך שטילער חלומ'ט דער ברעג.
פון אויג פאַלט אַ טרער אויף זומערדיקן שטאַרבן,
דער ים אָבער זינגט פון לעבן, און גייט זיין אייביקן וועג.

# אָך און ווײ . . .

איך בין ניט דערגאַנגען, ניט דערפֿאָרן,
אין מיטן וועג שטײ איך פֿאַרלאָרן.
מײן האַרץ צעוויײטיקט, שרעקלעך שווער,
**איך שטײ און גיס — טרער נאָך טרער.**

איך קוק זיך אום אויף אַלע זײטן,
אפֿשר קומט אַ הילף פֿון ווײטן . . .
נאָר באַגלייט בין איך פֿון צווײ ,
די ברידער בײזע — דער אָך און ווײ . . .

ס׳קלעמט מײן האַרץ, פֿון ווײטיק שרעק,
שרײ איך אויס — אַוועק!
ווי גזלנים שטײען זײ — ווײ און אָך,
און ווײזן אָן מיר — דעם גרויסן בראָך.

טיף און שווער איז מײן געמיט,
איך קען ניט געבן קײנע טריט . . .
מײן נשמה שווימט אין שוואַרצן קוואַל,
געאָגט פֿון אָך־און־ווײ׳ס שיקזאַל.

צעבראָכן בין איך פֿון דעם שטורעם,
איך קען ניט לײדן מער קײן יסורים.
גיס איך אויס אין סטראָפֿן,
וואָס מיר האָט איצט געטראָפֿן . . .

זינט איך האָב מײן מאַן פֿאַרלאָרן,
איז „אָך” און „ווײ” אין מיר געבאָרן.
זײ שלעפּן, ציען מיך צו ערד,
מײן לעבן האָט ניט קײן זין, קײן ווערט.

אײן שטימע רופֿט — האָב ניט קײן מורא,
לעב, דו האָסט דײן אײגענע תורה.
זײ שטאַרק, געפֿין צוריק דײן מוט,
שאַפֿן, לעבן איז דאָך גוט.

נאָר איך הער, דעם ווײ און אַך פֿון ווײַטן,
זײער ציניש קול, דעם הויך־פֿאַרשײַטן:
זע, דו ביסט אַלײן געבליבן,
פֿון בײזן שטורעם־ווינט געטריבן.

איך בלײַב אָן מאַכט, ס׳ברענט מײַן מח,
דאָס האַרץ פֿאַרקלעמט, געשמידט דער כח.
די פּיס, די הענט — בלײַב שווער אין גײן . . .
איך בלײַב שטײן מיט אַך און ווײ אַלײן.

# דער פעלז

## א.

ערגעץ אין אַ ווייט־פאַרוואָרפן אָרט,
אַ גרויסער פעלז אייביק שטייט זיך דאָרט;
ער רירט זיך ניט — דער מגושם׳דיקער שטיין,
פאַרשלאָסן איז ער, שטום, אין זיך אַליין.

ער שטייט מיט וואַלד און ים אין שכנות,
פאַרזונקען איז ער אין טיפע רעיונות;
שטיינער, שטיינדלעך ביי זיין ראַנד,
פעלז און ים פירן מלחמה פאַלבענאַנד.

ביים ברעג פון ים שטאָלץ ער שטייט,
צעברעכן כוואַליעס שטורעמדיקע איז ער גרייט.
דער ווינט די כוואַליעס, שליידערט, רוקט,
טרומפירנדיק דער פעלז פון אויבן קוקט.

ער שטייט, דער ריז אָן אַ ריר, אָן אַ קרים,
עס שטעכן ווי מיט מעסערס די שכנים אים,
ניט ער האָט באַריקאַדן, ניט אַ צוים,
דאָך צעמאָלט ווערן כוואַליעס אין ברעקלעך שוים . . .

דער ים איז בייז, און ווי אַ טיגער ברומט,
צום פעלז אַרויף, וואָס שווייגט און שטומט,
עס קאָכט דער ים און די כוואַליעס שפרייט,
דעם קאַלטן פעלז דערשלינגען איז ער גרייט.

דער ים, מלחמה פירט מיטן פעלז דעם האַרטן,
קאָכט, און שטורעמט, באַהערשן וויל ער דעם איינגעשפאַרטן,
דער פעלז נאָר שטייט, פאַרטיפט און טראַכט,
אַז ניט אין הערשן ליגט די מאַכט . . .

ב.

עס שווייגט דער פעלז, שטום שטייט ער אויפ׳ן אָרט,
זיין שטומקייט עס הערט דער ים דאָך פאָרט;
ער זאָגט צום ים: „דו געוועלטיקסט אויף דער ערד,
דו קאָכסט, דו שלאָגסט מיך ווי מיט אַ שווערד.

איך בין דאָס שלאָג־ברעט ביי דיר אין מויל,
דו צילסט, און שיסט אין מיר קויל נאָך קויל.
צו געניט ביסטו שוין אין דיין פאַך —
נאָר כ׳האָב קיין מורא ניט, כ׳קוק אויף דיר און לאַך!...

ביסט אַ גיבור, דאָך שוואַך אָן האַפט, ווי רויך,
קיניגסט אויף דער ערד, אָבער ניט אין דער הייך . . .
דיין גאַנג, דיינע כוואַליעס אין אַ רגע זיך בייט,
דיין רוישן, דיין פלום — פון ווינט־בלאָז עס שרייט.

ים, דו האָסט קיין גרונט ניט, ביסט טיפער פון טיף.
דו זידסט און קאָכסט זיך, האָסט קיין באַגריף.
פאַרכאַפּט דו האָסט דער ערד׳ס ווייכן שויס,
דו שטורעמסט, טרייסלסט — דיין קול איז גרויס.

דאָך בייגן מוזטו זיך פאַר מינדסטן ווינט,
אַ שטורעם קומט און דיין פרייהייט בינדט.
דו וואַרפסט זיך באַלד ווי די זאַנגען אין פעלד,
אוים גיבור, ביסטו! אַ קנאַפּער העלד . . .

אָבער מיך? — קיין קראַפט גיט מיר ניט קיין קער.
ווייל כ׳בין ווי דער אמת, גרונטפעסטיק און שווער.
תמיד רייס איך זיך צו הייכן אָבער ניט אַראָפּ,
אַ טורעם בין איך! און האַלט צום הימל מיין קאָפּ!

פאַרגליווערט בין איך, און איך, די אייביקייט האַלט,
דעם גליאיקן פונק פון אמת — איך אַליין באַהאַלט.
ניט ים, ניט כוואַליעס, ניט זונען־שטראַלן
קענען טויטן און צווינגען מיך צו פאַלן.

ים, איך שפּאַט פון דיר און פון דיין טעמפּעראַמענט,
דיין וואַגן, דיין מוט צו הייכן דיינע כוואַליעס־הענט.
דו שלאָגסט וואָס נאָר שטייט דיר אין וועג,
באַפּאַלסט אויך מיך אויף דעם ווייכן ברעג.

שלינגסט די שוואַכע זאַמד־שטיינדלעך איין,
קענסט ניט בייגן מיך, מיך גובר זיין;
דאָ שטיי איך פון בראשית אַלטע צייטן,
כאָטש לאַנג שוין ווי דו שלאָגסט מיך פון אַלע זייטן.

טיף אין האַרצן גליט אין מיר לעבן און האַס,
איך שווייג און נעם כסדר דיין ביטערן שפּאַס.
נאָר ווען איך וועל די הענט צעפירן,
וועסטו אויך דאַן מיין ביטערקייט דערפילן . . .

פאַרגליווערט שטיי איך, נאָר איך זע און הער,
דיינע אומגעריכטע קלעפּ — וועל איך דולדן ניט מער!
אויב אַטאָם־קראַפט וועט מוזן פאַלן,
נו, זאָל דער שקר אומקומען פון די טויטן־שטראַלן . . .

גרויס איז די וועלט מיט אומבאַוואוסטע ווייטן,
זי שטייט אַזוי פון פאַר בראשית־צייטן;
לענדער פאַרשוואונדן און דורות — פאַרשניטן,
נאָר די פעלזן פון אמת — זיי שטייען ניט געביטן.

אויב קומען וועט אַמאָל מיין לעצטע שעה,
ערגעץ וועט אַ פויק טאָן — אַז איך בין נאָך דאָ . . .
נאָך מעכטיקער, ריזיק־גרויס, אַן אַנדער פעלז וועט שטיין!
אין זיין שווייגן וועט דער שקר הערן דעם הילכיקן „ניין"!

דו, ים, דו, טומלער! ווען וועסטו שוין מיד
מיט מיר קריג צו פירן, באַגלייט פון דיין טרויער־ליד?
שטעל זיך אָפּ! שלאָג ניט מער! און זאָל שוין שלום זיין!
שטאַרק בין איך! דאָך זען וויל איך ניט מער קיין פּיין!

# קאַפּיטאַנען

אין אַ טונקל נעפּלדיקער נאַכט,
מיט רודער־פּירער און קאַפּיטאַנען;
שטייט אַ שיף אין מיטן ים אַליין.
פון ווינט געטריבן כוואַליעס יאָגן, שפּאַנען.

שטייט די שיף און וואַקלט זיך אַ שרעק,
אין דעם אומזיכערן גרונטלאָזן שוים.
זי קען ניט רירן זיך פון אָרט אַליין,
די נאַכט איז שוואַרץ, דער פּחד איז גרויס.

צעשראָקענע מענטשן — ווייס ווי שניי,
דער ווינט בויגט די שיף, וואַרפט זי אַרום.
מאַכטלאָז דער רודער קלאַפּט ניט מער,
זי איז נאָענט צום טויט און אומקום.

די שיף האָט זיך געלאָזן אין וועג
שטאַרק, מוטיק, פול מיט מאַנשאַפט טרייע.
אַ שטאָלצע קעניגין קעגן ברומיקן שטורעם,
זיכער צו לאַנדן אין אַ וועלט אַ נייע.

דער ווייסער טורעם געלויכטן האָט אין ים.
ס'האָט געשפּילט דער אָרקעסטער מוזיק;
ס'האָבן מענטשן געטאַנצט, געהוליעט אָן זאָרג,
די שיף געלויכט האָט פון צויבער־גליק.

פּלוצלינג האָט עפּעס פּאַסירט, אַ גרויל,
אין מיטן טיפן ים ביינאַכט;
די קאַפּיטאַנען־פּירער אויפן שיף,
האָבן חוצפּה'דיק זיך צעלאַכט.

אַן אויסברוך צווישן די רודער־פּירער,
אויסגעבראָכן האָט אויפן לאַנגן דעק;
דאָרשטיק זיינען זיי געוואָרן גאָר שטאַרק,
טרינקען, זויפן ווילן זיי, אָן אַ ברעג.

צעעפּנט האָבן זיי זייערע גרויסע מיילער.
צעהיצטע צערייצטע שרייען זיי אָן פּאַרוואָס,
זינלאָז, שטורמען זיי מיט ווילדע געשרייען,
שיכור׳ן, שיכור׳ן זיי אָן אַ מאָס.

זייער פאָדערונג איז ניט קיין וואַסער.
שאַמפּאַניער אַ סך בלוטיק רויט;
ניט קיין גלעזער, נאָר פולע עמער,
מוזן זיי קריגן אַפילו דורך טויט.

שטייט די שיף אין דער גרעסטער סכנה,
וויגט, וואַקלט זיך, פון קלאַפּ דעם שווערן;
די מענטשן אין טויט־שרעק פאַר די פירער,
די קאַפּיטאַנען, די צערייצטע ווילדע הערן.

ס׳וויינען מענטשן. פולער ווערט דער ים פון טרערן.
די כוואַליעס יעדע טרער שנעל פאַרשלינגט.
זיי ווערן געשוואָלן פון פּיין און ווייטיק,
די שיף טיקט זיך טיפער, אָט־אָט, זי זינקט.

דו מעכטיקער ים! באַווייז דיין כח!
מיט ווייטיק די כוואַליעס שרייען אוים;
זיי, די שיף־פירער, זיינען זינדיק,
אין אָפּגרונט נאָר זיי וואַרף אַרוים!

געשוואוירענע קאַפּיטאַנען מוזן שטיין ביים רודער,
ביז זיי ברענגען די שיף צום ריכטיקן ברעג.
איר, פאַררעטער, זעט איר ניט אייער סוף?
איר, וואָס האָט געשטעלט זיך אין וועג?

דאָרשטיקע חיות, אייך ווילט זויפן?
שטעכט איינער דעם צווייטן, טרינקט אייער בלוט!
נאָר זינקט ניט די שיף מיט אַזויפיל מענטשן,
פאַרברענט ניט די לעבנס מיט פייער און גלוט! . . .

# פיר דורות

א.

אין דעם שיינעם פראַכטפולן סי־גייט,
ביים אייביק־שטילן רויש פון ים.
מענטשן געניסן דאָ פריידן פיל,
כאָטש אַרום הערשט מאַכט און צאַם.

אַ ווייסער גרויסער בנין שטייט זיך דאָרטן,
מיט גרינע גראָזן און בלומען באַצירט;
אין דער שיינער גאָרטן־אַליי
פיר דורות האָבן שוין דאָ שפּאַצירט.

דאָ קומען זיך יונג און אַלט צוזאַמען,
אייניקלעך, קינדער און ליבע באָבעס,
יום־טוב׳דיק איז דאָס וויים הויז דאָ
אויסגעפּוצט יעדער אין גאַרדעראָבעס.

אויף בענקלעך זיצן די האַרציקע באָבעס,
די גרוי־ווייס האָר זיינען לויטער ריין;
געצוואָגענע, פאַרלייגט אין חנ׳עווריקע צעפּלעך,
באַצירט די שטערנס — ווי אַ זילבער־קרוין.

מיט פאַרבענקטע קלוג־שיינע אויגן,
ווי אַ געמעל קוקט יעדע אוים — אַן אַנטיק,
באַשיידן זיצן זיי, די ליבע באָבעס,
און דערציילן פון פאַרגאַנגען גליק.

אַ וועלט דערציילט יעדעם קנייטשל,
ס׳באַשטעטיקט יעדע גרויע האָר.
די ליפּן מורמלען שטילע סודות,
פאַרביי, פאַרפלויגן יאָר נאָך יאָר . . .

ס׳האָט די צייט זייערע פּלייצעס געבויגן,
אונטערן שווערן זאָרג און יאָך;
מיט טיפן קנייטש דאָס מויל פאַרצויגן,
נאָר יונג איז דאָס האַרץ געבליבן דאָך . . .

## ב.

זיצן זיי און רעדן פון אַלטע צייטן
אויף דאָס גוטע פון דעם שיינעם היינט;
זיי טרינקען נאָך און נאָך פון לעבנס-בעכער,
צוזאַמען מיט די קינדער און גוטע פריינט.

ס׳קומען הויכע און שיינע טעכטער,
צעבליטע אין יוגנט-גליק און קראַפט.
אָט די אַלטיטשקע ליבע באָבעס,
גענערט האָבן קינדער מיט ליבע-זאַפט.

זיי זיינען ווי דער שטאָם פון אַ בוים אַ שיינעם,
צעוואַקסן, צעשפּרייט האָבן זיך זייערע צווייגן;
גרין די בלעטער אונטער וואַרעמען זונען-שיין,
אַ נחת איז זייער שטיל און צערטלעך שווייגן . . .

גליקלעך זייט איר, באָבעס ליבע,
אָפּגעטאַנצט האָט איר אייער לעבנס-טאַנץ,
דערצויגן זין און טעכטער ליב און שיין,
אויף אייערע קעפּ פינקלען קרוינען מיט הערלעכן גלאַנץ.

עס פינקלען קרוינען פון רייפער עלטער,
אייער שיין לעבן ווי בריליאַנטן שיינט ארויס,
און פון די קלוגע פאַר׳חלומ׳טע אויגן,
מוטער-ליבע נעמט זיך גאָר ניט אויס . . .

און ווען די זון אין סי-גייט וואַרעמט,
שפּאַצירט איר זיך צום ים-ברעג צו;
אַ ניגון, אַן אַלטן, עס ברומען אייערע ליפּן,
און ס׳ברענגט דער ים אייך שטילער רו.

איז באָדט איר זיך אין דעם ים דעם שטילן,
און פּלאַפּלט דאָרט אַרום דער שטריק,
איר באַרעדט דעם „האָטעל-קיפּער" דעם שיינעם,
און שטיל קומט די יוגנט אין קאָפּ צוריק.

ג.

נאָכ'ן שווימען זיצט איר ביים ברעג דעם ווייסן,
און מענער שפּאַנען, גייען שטאָלץ פאַרביי;
זיי וואַרפן שעלמיש פאַר'גנב'טע בליקן,
ווענן, מעסטן אויב עס איז כדאי . . .

שפּעטער קומט איר אויפ'ן גאַניק אינאיינעם,
אין חברותא הערט מען וויצן שיינע,
יעדע באָבע זאָגט אַ חכמה'לע, אַ וואונדער,
מען לאַכט ווי מיידלעך, יונגע, קליינע . . .

ריין און ערלעך איז אייער פריינטשאַפט,
פון איינער קלייבט מען נחת גאָר אַ גרויל,
ווייל זי, די אַלטיטשקע, בענטשט יעדן באַזונדער,
ברכות פליסן פון איר חנ'עוודיקן מויל.

עס טראָגן די פיס איר כסדר,
זי געדענקט איר זיידנס יעדן וואָרט.
פון איר מויל פּסוקים ווי די פייגל פליען,
זי שפּאַנט, שווייגט אַ ווייל, און נעמט רעדן פאָרט.

אָט די זקנות ליבע האָבן גרויסע מעלות,
יעדע האָט צו דערציילן אַ סך.
ס'איז אַ פרייד זיי הערן, אויף זיי צו קוקן,
דעם צניעות'דיקן שמייכל, דעם יידיש זיסן לאַך . . .

ס'איז גוט דאָס טרעפן זיי און פילן,
אַז גרייכן קען מען אַזאַ עלטער לאַנג.
עס איז פון גאָט די שענסטע מתנה —
באַגעגענען די עלטער מיט פרייד און געזאַנג . . .

איז, זאָלן מיר זיך היינט אַלע פרייען,
און דאַנקען דעם באַלעבאָס פון שיינעם רעזאָרט . . .
גאָט, גיב אונדז פרייד, שלום און אחדות,
קומען זאָלן מיר ווידער צום ים זיך דאָרט . . .

## הילף צו די וואָס דאַרפֿן הילף . . .

איך ווייס ניט פון עפּעס שענערס אין לעבן
ווי העלפֿן הונגעריקע און שפּייז זיי געבן.
טרייסטן, העלפֿן די, וואָס דאַרפֿן נייטיק,
היילן קראַנקע און שטילן זייער ווייטיק.

עס מאַכט ניט — וואו די באַדערפֿעניש ליגט,
העלפֿט די לײַדנדיקע און זיי דערקוויקט,
איינעם ברויט דעם הונגער צו שטילן,
אַ צווייטן אַ גוט וואָרט ר׳זאָל בעסער פֿילן.

אַ תענוג איז דאָס קענען זיך טיילן,
העלפֿן יענעם — מיינט אָפֿט אַליין זיך היילן,
די קראַנקע ווען אָטעם פעלט אויס,
קומט ווי דערלייזער און העלפֿט זיי אַרויס.

איר, פֿרויען נאָבעלע, מיט אייער מוטערלעך געפֿיל,
גרויס זייט איר, איר טוט אַלץ אַזוי שטיל.
אייער הילף גרייכט אַריבער ימ׳ען,
ווי זאַנגען קלייבט איר הילף צוזאַמען.

פֿון די זאַנגען צעוואַקסט זיך פֿולער קאָרן,
לעבן ווערט פֿון אייער טאַט געבאָרן,
איר בויט, איר פֿלאַנצט אַ וועלט אַ נייע,
פֿרעמדע קינדער היט איר ווי מאַמעס געטרייע.

עס איז נויטיק שטאַרק פֿאַר אונזער דור,
דאָס אומרעכט פֿון דער וועלט צו זען קלאָר,
די שטים פֿון הונגעריקן שרייט און וועקט,
די שיינע וועלט פֿון אומרעכט ווערט פֿאַרפֿלעקט.

איך הער אַ קינד׳ס געוויין אין די ווינטן בלאָזן,
געוויין פֿון עופֿה׳לעך, עלנט און פֿאַרלאָזן,
די ווינטן ברומען און גרויליקע בילדער מאָלן,
די קינדער, אוי, פֿאַר וועלכע זינד טוען זיי צאָלן?

מיר אַלע הערן, זען און פילן,
ווי קען מען דעם ווייטיק שטילן?
ווי קענען מיר, די זאַטע, באַצאָלן זיי?
לינדערן זייער נויט און וויי־געשריי?

אַ שווערע לאַסט איז אויף אונז געפאַלן,
הענט ציען זיך ווי רוישנדיקע קוואַלן,
ווערטער ווי שפּיזן שאַרפע שטעכן,
הונגער שפּאַרט און וויל אַלעמען צעברעכן.

אָבער, איר, גוט־האַרציקע ,אייערע בייטראָגן, —
עס פעלן ווערטער אוים אַ דאַנק אייך צו זאָגן,
אייער שכר וועט קומען אין אַ וועלט אַ פרייע,
די יאָמער־ווינטן זינגען וועלן נאָך לידער נייע.

די ווינטן שטילער וועלן בלאָזן, צאַרטער,
אַרויסשיינען וועט די זון דורך קייט פאַרשפּאַרטער.
צעריבן וועלן די וואָלקנס גרויע ווערן,
און שיינען וועט דער הימל מיט טאַנצנדיקע שטערן.

צייטן נייע וועלן קומען פון אַ פריידיק לעבן,
גוטסקייט, ליבשאַפט איינס דאָס אַנדערע וועט געבן.
מיט די קינדער וועט טאַטע מאַמע זיין צוזאַמען,
שלום וועט הערשן אויף ערד און איבער ים׳ען.

# די גרויסע שטאָט

ס'האָט דאָס לעבן אונז פאַרשלאָסן
אין שטאָט'ס שטעכיקע ציין.
אין שפּאַן מיר גייען טיף געזונקען
ווי פיש אין נעצן, אין שטום געוויין.

צעעפנט האָט די גרויסע שטאָט
איר שלאַנגען־מויל און פייער־אויגן.
צום שטיין־פעלזיקן ערדישן געץ —
בין איך אין קעסל־גרוב געפלויגן.

צאַפּל איך זיך אין די שאַרפע ציין
פון דער שטאָט'ס גרויסן אינגעווייד;
ס'רוישט און ס'קלאַפּט, טאָג און נאַכט,
די לופט איז פול מיט פּיין און לייד.

כ'בין ווי אַן עלעקטרישע מאַשין,
און צום באַפעל איך שפּרינג אומעטום.
פון באַגינען אָן. כ'שפּאַן און שפּאַן,
צווישן מענטשן אין דער שטאָט אַרום.

מיט ליאַרעם זיינען פול די גאַסן,
מענטשן איינס צום אַנדערן צוגעפּרעסט.
רויך און פּאַרע שטיקט און וואַרעמט,
דער שטאָט־געץ יעדן אבר פּרעסט.

טעמפּ ווערט געמיט און ווילן,
די נשמה רייסט זיך פונעם קאָך.
ניו־יאָרק — דיין טומל ברענט און בריט,
דער מענטש אין דיר צעברעקלט זיך אין בראָך . . .

# די וועגעטאַריער

פאַראַן קלובן אַ סך פון מענער,
אָבער ליב האָב איך די וועגעטאַריאַנער . . .
אויך זיינען דאָ אַפילו שיינע גאַליציאַנער,
אמעריקאַנער, אַפריקאַנער, און להבדיל רומענער,

ליב האָב איך זיי צוליב פילע זאַכן;
קודם, פאַר די מאכלים וואָס זיי מאַכן,
פאַר די געזעצן זייערע און געבאָטן,
וואָס מען מעג און וואָס עס איז פאַרבאָטן.

דאָס גובר זיין דעם דורשט נאָך לוסט,
ערדישע תאווה — זינלאָז איז און פוסט.
ניט נאָכגעבן זאָל מען תמיד יעדן פאַרלאַנג.
באַזיג, דו מענטש, דיין שוואַכקייט און דראַנג,

גיב ניט נאָך דאָס אויג וואָס זעט,
דעם חוש — וואָס שפירט, ציט און גלעט.
אונטערדריק דעם ווילן וואָס אין דיר שפאַרט;
און אַלץ וואָס רייצט, לאָקט און נאַרט.

דיין קערפּער, דו, מענטש, מוזטו היטן,
פון אַלע אָנשיקענישן און פּאַראַזיטן,
געדענק, דער מאָגן איז די הויפּט־מאַשין,
ס'ווענדט זיך וואָס דו לייגסט אַריין אַהין . . .

באַשטימט ווערט אַלץ פון דיין מאָגן,
דיין ווילן, דיין רעדן און דיין זאָגן.
דאָס גיין און לויפן אויף וועג און טראַקט,
און דאָס באַגיין אַ ביטער פאַלשן־אַקט . . .

אפילו ביי די גרעסטע פירער, דיפּלאָמאַטן,
נאָך אַ מאָלצייט פליישיקן און זאַטן,
פאַרשלאָסן, שווער ווערט דער געדאַנק,
פון פליישן פעטע און שאַרף געטראַנק.

די וועגעטאַריער לערע געטלעך איז און ריין,
זי איז יושר׳דיק און מיט רחמים טיף און שיין.
מיט עקל פול איז דאָס אומזיניקע שעכטן
בעסער גיי, דו מענטש, צום וועג גערעכטן . . .

צום ריינעם אָנהייב פון וועלטס-באַשאַף,
אַוועק פון געוואַלד, פון האַר און שקלאַף,
געניס דו מענטש וואָס עס גיט דיר די ערד,
אָן בלוט און אָן געפּעכט פון שווערד.

ווייל פון חלף ביז׳ן שווערד איז בלויז אַ שפּאַן,
קוילן אַן עוף, פירט צום קוילן פון מאַן.
פון כאַפּן אַ פיש מיט אַ שפּיזל אין נעץ,
איז גרינג שוין יענעם דאָס געבן אַ זעץ!

זיך צוהערן און נאָכגעבן דעם יצר־הרע —
איז פאַר מענטשן די גרעסטע צרה.
דאָס פלייש עסן צעהיצט דעם מילדסטן מאַן,
און פירט צום אָפּגרונט אים, רחמנא־ליצלן.

עס לעבט דער אַכלער אין אייביקער שרעק,
דאָס בלוט עס טיפּט אָן אָן עק.
ער שעכט און קוילעט אָן אַ פאַרוואָס,
שוין פול עס איז פון בלוט דער כוס.

דער וועגעטאַריערס לערע איז דעריבער טייער,
דאָס בלוטלאָזע שפּייז לעשט דאָס פייער,
עס היילט, עס קילט, עס גיט נחמה,
דעם געדאַנק פון מענטש און זיין נשמה.

טיפער הייבט מען אָן פאַרשטיין,
אַ דאָקטאָר קען מען ווערן זיך אַליין.
צו העכערס שטרעבן, מיט ריינעם געפיל,
צו אַ וועלט פון שיינקייט, שלוה׳דיק, שטיל.

ערלעך, פיין קען דער מענטש נאָר לעבן,
ווען די שרעק אַרום אים וועט ניט שוועבן.
די שרעק איבער חיה, מענטש און שקלאַף,
פרייד וועט קומען צו גאָט׳ס באַשאַף.

די שכינה וועט רוען דאַן אויף דער ערד,
שלום וועט הערשן און ניט די שווערד.
שאַפן וועט דער מענטש ניט פלווער, קאַנאָנען,
נאָר אַ וועלט פון יושר און פרידנס-פאָנען . . .

שיינען וועט די זון אויפן קלאָרן הימל,
און צעשמעלצן וועט זי דעם מיאוסן שימל.
אין אַ וועלט פון שטרייט אין אַלע זייטן,
קומען וועלן די גוטע משיח׳ס צייטן . . . .

איז, נעם אויף, דו, מענטש, די וועגעטאריער לערע,
איר תורה איז גרינג, און גאָר ניט קיין שווערע.
פאַראייניקט זיך, ניט ווי בלוטיקע אַריער
נאָר ווי אמת׳ע געטרייע וועגעטאַריער.

## צו מיינע פריינד . . .

פריינד טייערע, פריינד מיינע,
איך וויל אייך עפּעס זאָגן:
ס׳צאַפּלט זיך מיין האַרץ פון פרייד,
אַזאַ אוצר צו פאַרמאָגן.

מיין אוצר איז ניט פון בריליאַנטן־שטיינער,
אויך ניט קיין „בענק־סטאָקס" פון אדירים.
דאָך בייטן פאַרמעגנס וועל איך ניט,
מיט אַלע מאַגנאַטן און גבירים.

אויב איר מיינט אַז איך פאַרמאָג
בערג מיט גאָלדענע דאָלארן;
האָט איר אַ טעות, ליבע פריינד,
און איך וויל אייך ניט אָפּנאַרן.

אין גאָלד און זילבער בין איך אָרעם,
פאַר מיין טעגלעך ברויט איך אַרבעט שווער,
דאָך בייטן זיך מיט דו־פּאָנד — וועל איך ניט,
ווייל איך בין דער גרעסטער מיליאָנער . . .

ניט קיין ערדיש האָב און גוטס איז מיין עשירות,
ניט מסחרים גרויסע פון קויף־פאַרקויף,
ניט ביי וואַסערן, ריזיקע פאַבריקן,
פון האַנדל וווייך איך, איך אַנטלויף!

וועט איר פרעגן: וואָס איז מיין רייכקייט?
אין וואָס באַשטייט מיין אוצר דער גרויסער?
איז, וויסן זאָלט איר מיינע ליבסטע,
דאָס זייט איר, מיט אייער פריינטשאַפט הייסער!

וואָס קען אַ מענטשן גליקלעך מאַכן?
וואָס איז אַזוינס אין אמת׳ן גליק?
קען געלט דעם געגום דען קויפן
די ליבשאַפט, וואָס כ׳זע אין אייער בליק?

אייער פריינטשאַפט, אייער נשמה'דיק מיך פילן,
דאָס איז דער אוצר וואָס איר האָט מיר אַנטפּלעקט;
מיט אייך קלעטער איך צו הימלען בלויע,
צו אַ לעבן ניי האָט איר מיך אויפגעוועקט . . .

צווישן אייך איך האָב זיך צוריק געפונען,
מיין פיין צערונען ווערט און צעפליקט.
דערהויבן ווער איך און ווי אַ קינד צעשפּילט
צו הייכן פלי איך אין נשמה-גליק.

כ'געדענק גוט די שווערע ביטערע מינוטן,
ווען דער טויט האָט מיין שוועל באַטראָטן,
ווי אַ קינד האָט איר מיך דאַן געצערטלט,
געטרייע פריינטשאַפט האָט איר מיר אָנגעבאָטן.

פאַרטריבן האָט איר מיינע טונקעלע מינוטן,
מיך פון טרויער געררופן, געוועקט,
פאַרזונקען אין „שבעה" אין טרויער טיפן,
איר האָט אַ נייע וועלט מיר אַנטפּלעקט.

אין די שפּאַצירן מיינע ביים ים צעבראָכן,
איך בין מיט די כוואַליעס אַ שותף געווען.
פּלוצעם, זייט איר מיר אויסגעוואַקסן,
און מיר באַפוילן — „מרים ניט וויין!

אייער פריינטשאַפט איז מיין גרעסטער אוצר,
אַ געננוס. דאָס זיין לעבן אייך אַלע דאָ,
פון אַ פונק איז אַ גרויס פלאַם געוואָרן,
אָרום אייך, אָ גאָט זיין זאָל איך ביז מיין לעצטער שעה.

פול איז מיין האַרץ מיט ברכות פיל,
אייך אַלעמען איך ווינטש אַ גליקלעך יאָר,
אחדות און שלום עס זאָל די וועלט באַהערשן,
און איר זאָלט אין פריידן לעבן פּאָר אין פּאָר.